יעטאַ האָפמאַן

# אין לעבן און גראַניגל

אויסגאַבע פון דעם יעטאַ־האָפמאַן־קאָמיטעט
אין ישראל

תל־אביב — תשכ״ד / 1964

ג ע ו ו י ד מ ע ט

דעם הייליקן אָנדענק פון מיין זון יענקעלע
און — זיי צו לאַנגע יאָר — מיין ליבער טאָכטער
ו ו י אָ ל ע ט מיט איר מאַן און קינדער

# אינהאַלט

עמ׳

אַריינפיר —
פּראָפ׳ ש. אייזנשטאַדט . . . 11

## מיין לעבנס־וועג

מיין יוגנט . . . . . 21
מיין שטעטל קאַמיענאָבראָד . . 28
פּסח אין פּרילינג . . . 31
די זון וועט נאָך אַ שיין טאָן
אין מיין שטעטל . . 33

## צער און בענקשאַפט

לזכר בני יחידי יענקעלע . . 39
צום געבורטסטאָג פון מיין אומ־
פאַרגעסלעכן יאַנקעלע . . 40
מיין טייער קינד יאַנקעלע . . 41
מיין זיסער יאַנקעלע . . . 42
מיין האַרציקער זון יאַנקעלע . 44
מיין איינציקער זון יאַנקעלע . 45
מיין ליבהאַרציקער זון יאַנקעלע . 46
מיין יאַנקעלעס בר־מצווה־דרשה , 47
מיין באַגריסונג צום אויפבוי
פון צווייטן שטאָק פון
דער בריינין־קליניק . . 50

## דערציילונגען און נאָטיצן

געפונען איר אידעאַל . . . 57
אַ נייער רעקרוט . . . . 61

עמ׳

אין אַ זאַמלטאָג פאַר
די קינדער־שולן . . . . 63
דער פרייהייטס געזאַנג־פאַראיין —
מיין שטאָלץ . . . 69
אַ שטילער שאָפּ . . . . 71

## געדאַנקען און געפילן

טאַנקען פאַר דער יידישער גאַס . 75
דער רוף פון יענער זייט ים . 77
צום אָנדענק פון וואַרשעווער
געטאָ־אויפשטאַנד . . . 79
„ניט שולדיק״! . . . . . 81
צום אינטערנאַציאָנאַלן
פרויען־טאָג . . . . . 83
דער מוטער־טאָג . . . . 85
די דערגרייכונג פון די
לייען־קרייזן . . . . 87
וויגליד פאַר אַ נעגער־קינד . . 90
עדעמס דער נעגער־יינגל . . 92
עמאַ לאַזאַרוס קינדערגאָרטן
אין תל־אביב . . . . 95
דער יום־טוב פורים . . . . 97
יאַנקעלעס חלום . . . . 99
יאָסעלעס שבועה . . . . 101
ערב כריסטמעס־חגא
אין די קראָמען . . . . 103
דער מאַרש קיין וואַשינגטאָן . 105

עמ׳

## מיטן פנים צו דער נאַטור...

האַרבסט און פרילינג . . . 109
יוסעמיטי וועלי . . . . 111
געמיט־שטימונג ביים ים . . 114

## באַגריסונגען און דערמאָנונגען

אַ גרוס און ברכה דעם
סאָוועטן־לאַנד . . . . 119
צום 33סטן יובילײ פון
ראַטנפאַרבאַנד . . . . 120
צו דיינע 33 יאָר, טייערע
„מאָרגן־פרייהייט" . . . . 122
צום יידישן קולטור־קלוב
אין עלסינאָר . . . . 123

עמ׳

צו עממאַ לאַזאַרוס אַנדענק . 124
אַ באַגריסונג פאַר לינאַ האַלפערט . 126
אַ באַגריסונג חבר און
חברטע גרין . . . . 128
ביים קבר פון שפרה ווייס . . 130

## שטימונגען און איבערלעבונגען

די אַנטוישונג . . . . . 135
אַזעלכן ווי דו... . . . . . 137

## בריוו פון פריינד

לידער פון אַ פרוי און מוטער —
גינאַ מעדעם . . . . 141
אַ בריוו צו אַ פריינד — י. אַשפיז . 143
צו פריינדין יעטאַ —
ש. שוואַרץ . . . . . 144

# אַרײַנפֿיר

„אין לעבן און געראַנגל״ — דאָס איז דער ריכטיקער נאָמען פֿאַרן בוך פֿון פֿריינדין יעטאַ האָפּמאַן, וועלכער ווערט איצט דערלאַנגט די יידישע לייענער־קרייזן אין דער וועלט אין נאָמען פֿון דעם „יעטאַ האָפּמאַן קאָמיטעט״ אין ישראל.

דאָס זיינען ניט קיין אויסגעדיכטעטע, פֿון דמיון אַרויסגעבראַכטע און קינסטלעריש באַאַרבעטע שילדערונגען און לידער. דאָס איז אַ לעבנס־דאָקומענטאַרישער בוך פֿון אַ פֿרוי, וואָס פֿאַרמאָגט אַ שטאַרק עמפּינד־לעכע נאַטור און אַן איינגעבאָרענעם דראַנג אויסצודריקן פּאָעטיש אירע געפֿילן און איבערלעבענישן. זי איז אָבער ניט ווייניקער אַ רעאַליסטישע דערציילערין אויך אין אירע זכרונות און דערציילונגען אין פּראָזע. זי איז אָן ספק אַ טאַלאַנטפֿולע רעאַליסטישע שילדערין.

יעטאַ האָפּמאַן איז אַ טאָכטער פֿון אוקראַאינישן מאַסן־יידנטום און אַ לאַנגיאָריקע אַקטיוויסטין פֿון דער וועלטלעכער און פּראָגרעסיווער יידישער קולטור־באַוועגונג אין אַמעריקע, איינע פֿון די טרייע און באַשיי־דענע טרעגערינס פֿון דער פֿרייהייטס־פֿאָן אין אונדזער פֿיל געפּרוווטן און פֿיל דערגרייכערישן דור.

איר בוך איז אַ בוך פֿון לעבן ווי עס איז, פֿון די איבערלעבענישן און געראַנגלענישן, מיט וועלכע עס איז פֿאַרבונדן דאָס לעבן פֿון יחיד און כלל אין ראַמען פֿון דער אַלגעמיינער און יידישער געזעלשאַפֿטלעכקייט פֿון אונדזער צייט, און באַזונדערס אין היינטיקער אַמעריקע.

דער עיקר אין יעטאַ האָפּמאַנס שרייבן איז די האַרציקייט, די וואַ־רעמע באַציונג צום מענטש, צום אייגענעם פֿאָלק און צו אַלע פֿעלקער־

ברידער, צו דער נאַטור, צום באַרג, וואַלד, בוים און פויגל — די ליבע, וואָס שלאָגט אַרויס פון אירע שורות. זי פאַרטראָגט שווער יעדע עוולה און פאַרלעצונג, יעדן מינדסטן אויסברוך פון ברוטאַלקייט און אוממענטש־לעכקייט. זי איז פאַרבענקט נאָך באַשיידענער, גוטער חברשאַפט און פריינט־שאַפט, נאָך אַ וועלט פון שלום און מענטשן־ליבע, נאָך סאָלידאַרישער מיטאַרבעט פון שאַפנדיקע מענטשן. אין דעם וואָרצלט אויך איר ליבע צום ראַטנפאַרבאַנד, וואָס געפינט דעם אויסדרוק אין אירע לידער.

יעטאַ האָפמאַנס בענקען נאָך אַ וועלט פון שלום און מענטשן־פריינטשאַפט ווערט אָפט באַגלייט דורך איינגעהאַלטענע טרערן פון אַ באַעוולטער נשמה, וועלכע טראָגט אין איינזאַמקייט טיפע ווונדן, וואָס עס האָט איר פאַרשאַפט דאָס לעבן.

יעטאַ האָפמאַנס פּאָעטישער שאַפן און קולטור־געזעלשאַפטלעכע אַרבעט געפינט אַ וואַרעמע און פּאָזיטיווע אָפּשאַצונג ביי דער באַקאַנטער שרייבערין און קולטור־טוערין גינאַ מעדעם, וועלכע ווערט געבראַכט אין בוך אין דער אָפּטיילונג „בריוו פון פריינט".



יעטאַ האָפמאַן דערציילט אין איר ביאָגראַפיע, וואָס קומט אין אָנהייב פון דעם בוך, פון איר ערשטער יוגנט צווישן דער יידישער אָרעמקייט אין אוקראַינישן יידישן שטעטל קאַמיענאָבראָד און פון דעם לעבנס־שטייגער אין שטעטל, ביז איר אַרויסגאַנג אויף דער ברייטער אַרענע פון לעבן און קאַמף אויף אַמעריקאַנישער ערד.

אין די יאָרן פון איר לעבן אין אַמעריקע האָט זיך יעטאַ האָפמאַן איינגעוואָרצלט אין פּראָפעסיאָנעלן און קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן. די פאַך־קענטעניש, יוגנטלעכע ענערגיע און קלאַסן־באַוווסטזיין האָבן דאָ באַקומען זייער ווייטערדיקע שלייפונג. זי, וואָס האָט זיך שוין אין דער פריער יוגנט באַטייליקט אין אָרגאַניזירן אַ שטרייק אין זשיטאָמיר, האָט זיך

שוין אין די אָנהייב־יאָרן אין אַמעריקע אָנגעשלאָסן אין די פּיקעטן פון שטרייקנדע אַרבעטער.

אין אָנהייב איז זי געשטאַנען אונטער דער השפעה פון דעם „בונד“, צו וועלכן זי האָט געהערט נאָך אין רוסלאַנד. אָבער גאַנץ גיך האָט זי זיך איבערצייגט, אַז דער „בונד“ אין אַמעריקע איז אַוועק זייער ווייט פון די רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען אין זיינע אויפבלי־יאָרן אין רוסלאַנד, ליטע און פּוילן און פון נאַציאָנאַלע און סאָציאַלע אידייען פון יידישן אַרבעטער־קלאַס, און זי האָט זיך אָנגעשלאָסן אין דעם יידישן און אַלגעמיינעם פּראָגרעסיוון פראָנט.

זי איז געווען און איז ביז היינטיקן טאָג אַקטיוו און טעטיק אין דער יידישער קולטור־געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. זי האָט שטענדיק איינגעשניטן פּרייוויליק איר פּערזענלעכן לעבן און געפונען פרייד און טרייסט אין דער פּראָגרעסיווער כלל־אַרבעט. זי פאָדערט קודם כל פון זיך און דערנאָך פון אַנדערע מער אַקטיווקייט. און ניט נאָר אַרבעט אַליין, נאָר אויך מער וויסן, מער בילדונג און באַוווסטזיין. ווי עס איז צו זען פון איר לעבנס־באַשרייבונג, לערנט יעטאַ האָפמאַן מיט התמדה, שוין אין דערוואַקסענעם עלטער, איז דער אַרבעטער־אוניווערסיטעט. זי מיט זיך אויך צו לערנען די העברעיִשע שפּראַך, וועלכע זי האָט ליב, און פּרוּווט אויך שרייבן העברעיִש.

די קולטור־געזעלשאַפטלעכע אַרבעט פון יעטאַ האָפמאַן האָט זיך קאָנצענטרירט אין איר שטענדיקן וווינאָרט — אין לאָס אַנדזשעלעס. דאָ האָט זי אָרגאַניזירט די וועסט עדעמס קינדער־שול, וווּ אַלע לימודים פירן זיך אין יידיש, און האָט זי יאָרנלאַנג אָנגעפירט. אויך האָט זי געגרינדעט דעם ראַבאַי לייענקרייז און דעם הילף־קאָמיטעט פון דער זווילער לאַנדסמאַנשאַפט, אין וועלכער עס איז איינגעשלאָסן איר היימיש שטעטל קאָמיענאָבראָד. זי האָט זיך באַטייליקט אין דער אַרבעט פון אַרבעטער־פּראַטערנאַלן אָרדער, אין דער אַרבעט פון יידישן כאָר אונטער דער דיריגענץ פון צעפּקין און סאַמאַראָוו און דערפילט אין אים די פונקציעס פון אַ סעק־

רעטאָר. זי איז די גאַנצע צייט אַקטיוו אין דער אַרבעט פון דעם עממאַ לאַזאַרוס־קלוב, פון דעם „גינאַ מעדעם קולטור־קלוב״, פון „איקוף״ און אין דער זאַמל־אַרבעט פאַר די שולן און פאַר דער ראובן ברײנין־קליניק אין תל־אביב. זי באַשטייערט זיך אַליין לטובת די אַנשטאַלטן לויט איר העכסטער מעגלעכקייט און ציט צו אַנדערע צו דער באַטייליקונג.

מיט אַ באַזונדער טרייקייט שטיצט זי די פּראָגרעסיווע טאָג־צייטונג „מאָרגן־פרייהייט״, אין וועלכער זי פאַרעפנטלעכט אויך פון צייט צו צייט אירע לידער (זע דעם בריוו פון פאַרוואַלטער י. אַשפּיז אין דער אָפּטיילונג פונעם בוך „בריוו פון פריינד״).

יעטע האָפמאַן האָט ביי פּאַסיקע געלעגנהייטן געלייענט אירע לידער אויך אין דעם פּרויען־קלוב און די לידער האָבן שטענדיק געגאָלטן אַלס ספּאָנטאַנער אויסדרוק פון די האַרציקע געפילן פון אַ פּראָגרעסיווער ייִדי־ שער פרוי און האָבן צוגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פון חברים און פריינד.

אַלס אַן אויסדרוק פון צער און כבוד פאַר די העלדן פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד האָט די פריינדין יעטאַ האָפמאַן פאַרגעלייענט אויף אַ פאַרזאַמלונג איר דראַמאַטישע פּאָעמע „דאָס וואַרשעווער געטאָ״ און זי האָט פאַרענדיקט מיטן היסטאָרישן צוזאָג: „ניט פאַרגעסן און ניט פאַרגעבן!״ איר שוועסטער, די שרייבערין מינאַ סמאָלער האָט איבערגעלייענט אַ בריוו פון דער „דעמאָקראַטישער פרויען־אָרגאַניזאַציע״ אין חיפה.

זייענדיק פון די קינדערשע יאָרן איינגעוואָרצלט אין יידישן שטייגער, פאָלקלאָר און פאָלקסליד, האָט זי זיך אָנגעשלאָסן מיט באַגייסטערונג צום „פרייהייט־געזאַנג־פאַראיין״ און צייכנט זיך אויס מיט איר האַרציקן זינגען.

זי האָט צוויי מאָל באַזוכט ישראל און האָט אויפגעשטעלט קאָנטאַקטן מיט דער ישראלדיקער פּראָגרעסיווער באַוועגונג און מיט דער אָרגאַני־ זאַציע פון דעמאָקראַטישע פרויען אין ישראל. זי האָט אויך באַזוכט און אַרויסגעוויזן אַ טיפן אינטערעס צום לינקן קיבוץ יד־חנה.

* * *

אַ טראַגישער און אומפאַרגעסלעכער, אייביקער אויפבונד האָט זיך איינגעשטעלט צווישן יעטאַ האָפמאַן און דער פאָלקס־קליניק פאַר פרויען און קינדער אויפן נאָמען פון ראובן ברייניז אין יפו.

צו דעם אויפבונד האָט געבראַכט דער גרויסער פאַמיליען־אומגליק, וואָס איז געשען אין לעבן פון יעטאַ האָפמאַן — דער פריצייטיקער טויט פון איר הייס געליבטן איינציקן זון דוד יעקב אָדער, ווי זי רופט אים אָן מיט טיפן צער, מיט ליבע און מוטערלעכער צערטלעכקייט — יענקעלע.

יענקעלע איז געווען אַ גרויסער צוזאָג און אַ ליכטיקע האָפענונג פאַר זיין פאָלק, פאַר דער יידישער קינדער־וועלט, אין וועלכער ער האָט געווירקט אַלס טרייער דערציער, און פאַר דער פּראָגרעסיווער אַמעריקע בכלל. ער איז געווען באַשענקט פון דער נאַטור מיט פיזישער שיינקייט, מיט אַ גוטן מילדן כאַראַקטער און מיט אויסערגעוויינלעכע פעיקייטן. ער איז זינט די ערשטע קינדער־יאָרן דערצויגן געוואָרן אין גייסט פון פּראָגרעס און פאָלקס־טרייקייט. די מוטער האָט געזייט אין זיין נשמה דאָס ליכט פון מאָדערנער יידישקייט און מענטשלעכקייט און האָט אויסגעפורעמט פון אים אַ פּראָגרעסיוון יידישן מענטש (זע אינעם בוך „יענקעלעס בר־מצווה־דרשה“.

אַ געבאָרענער אויף דער אַמעריקאַנישער ערד, האָט זיך ניט גע־מינדערט ביי אים די צוגעבונדנקייט צו דער יידישער פאָלקסמאַסע און צו דער יידישער אַרבעטערשאַפט. ער האָט מיט ליבע גערעדט יידיש און איז געווען באַשענקט מיט אַ גרויסן דראַנג צו יידישער קולטור־אַרבעט.

שוין זייענדיק גראַדואירט, האָט ער ניט אויפגעהערט אָפּצוגעבן זיין ענערגיע די יידישע קינדער־קאָלאָניעס. ער פלעגט יעדן זומער אַרויספאָרן מיט די קינדער אין די קעמפּס, פאַרנעמען זיך דאָרטן — מיט דערפאָלג — מיט דערציערישער אַרבעט, מאַכן זיינע וויסנשאַפטלעכע אָבסערוואַציעס און אומקערן זיך מיט די קינדער סוף זומער אין שטאָט

אַריין. די קינדער און זייערע עלטערן האָבן אים שטאַרק ליב געהאַט, און עס האָט אים דערוואַרט אַ צוקונפט פון אַ פעיקן און איבערגעגעבענעם דערציער. און ניט נאָר דאָס אַליין: עס האָט זיך אין אים אַנטפּלעקט דער ערשטער אויפבלי פון אַ טאַלאַנטפולן מאָלער, מוזיקער און דראַמאַטיסט.

לײדער האָט אָבער אַ שווערע קראַנקייט פרי פאַרשניטן דעם ליבן יענקעלעס שיינעם און פיל צוזאָגנדיקן לעבן. ער איז געשטאָרבן אין עלטער פון 25 יאָר און האָט איבערגעלאָזט אַ טיפע און אומהיילבאַרע ווונד אין לעבן פון זיין פאַריתומטער מוטער, וועלכע האָט אירע טרויעריקע איבער־לעבענישן אויסגעדריקט אין לידער, וואָס גייען אַריין אינעם בוך אונטערן נאָמען „אין צער און בענקשאַפט" צוזאַמען מיט בילדער פון יענקעלען און זיין לעבן.

אירע רירנדיקע מוטערלעכע געפילן, וואָס גיסן זיך צונויף האַר־מאָניש מיט אירע געזעלשאַפטלעכע אידעאַלן, האָבן געפונען די געהעריקע אָפּשאַצונג פון נאָענטע און פריינט, ווי מען קאָן זען, צום ביישפּיל, פון דעם בריוו פון איר פריינט יעקב שוואַרץ אין דער אָפּטיילונג „בריוו פון פריינט".

אָבער ניט נאָר אין שטילע טרערן און טיפן מוטערלעכן טרויער האָט אַ פרוי ווי יעטאַ האָפּמאַן אויסגעדריקט איר שווערע פערזענלעכע איבערלעבעניש. איר גייסט און כאַראַקטער, איר אידייאישקייט און עמאָציע האָבן זיך מיט אַ באַזונדער קראַפט אַרויסגעוויזן אין די קריטישע טעג פון איר לעבן. זי מאַרשירט טריי און מוטיק אין איר ווייטערדיקן לעבן און געראַנגל, טראָגנדיק דערביי אין איר מוטערלעכן האַרצן דאָס בילד פון פאַרלאָרענעם זון.

יעטאַ האָפּמאַן האָט בלויז דורך אירע אויסגעוויטיקטע לידער ניט געקאָנט שטילן איר צער. זי האָט געשטרעבט מיט אַלע כוחות צו פאַר־אייביקן אין אַ פּאַסיקער פאָרעם דעם אָנדענק פון איר געליבטן זון. זי האָט געוואָלט, אַז זיין נאָבעלע געשטאַלט זאָל לעבן ווייטער פאַר די קומענ־דיקע דורות. זי האָט געזוכט ווי צו טאָן דאָס אויף אַ מער עפעקטיוון אופן

און איז געקומען צו אַ געלונגענעם באַשלוס: זי האָט זיך פאַרבונדן מיטן קאָמיטעט פון דער ראובן ברייניןֿ־קליניק אין יפו און האָט געשפּענדעט דאָס געלט, וואָס זי האָט געהאַט אָפּגעשפּאָרט פאַר איר פאַרשטאָרבענעם זון, כדי צו גרינדן צו זיין אָנדענק אַ ווינקל אין דער געביידע פון דער ראובן ברייניןֿ־קליניק אויף דער אַחווה־גאַס, אין צענטער פון דער יפוער יידישער אָרעמקייט.

צו דעם צוועק איז יעטאַ האָפּמאַן ספּעציעל געקומען קיין ישראל, און דאָנערשטיק, דעם 1טן סעפּטעמבער 1957, איז פאָרגעקומען אין דער ראובן ברייניןֿ־קליניק די פייערלעכע צערעמאָניע פון דער פאַראייביקונג פון איר זון דוד יעקב האָפּמאַן. אין איינעם פון די זאַלן פון דער פאָלקס־קליניק אויפן נאָמען פון ראובן ברייניןֿ, וואָס באַדינט די אָרעמע יפוער באַפעלקערונג, איז אויסגעהאַנגען געוואָרן יענקעלעס בילד, פון וועלכן עס שטראַלט אַרויס זיין איידעלע געשטאַלט מיט איר יוגנטלעכן חן, באַגלייט דורך טרויער־לידער פון זיין מוטער.

בעת דער צערעמאָניע פון אויפהענגען דאָס בילד אין לאָקאַל פון דער קליניק זיינען בייגעווען צוזאַמען מיט יעטאַ האָפּמאַן צוויי אירע פריינדינס פון לאָס אַנדזשעלעס: פרוי סאָניאַ ליפּשיץ און פרוי ענאַ מעראַן, ווי אויך פאָרשטייער פון דעם ראובן ברייניןֿ־קאָמיטעט אין יפו און תל־אביב, פון דער פּראָגרעסיווער קולטור־אָרגאַניזאַציע „תרבות לעם״, פאָר־שטייערינס פון דער דעמאָקראַטישער פרויען־אָרגאַניזאַציע, ווי אויך דער פּערסאָנאַל פון דער קליניק מיט דער דאָקטאָרין רחל אַראָנאָוויטש אין דער שפּיץ.

מיט האַרציקע און שטאַרק רירנדיקע ווערטער איז אַרויסגעטראָטן יעטאַ האָפּמאַן און מיט טרערן אין די אויגן האָט זי דערמאָנט אייניקע עפּיזאָדן פון לעבן פון איר זון, וועלכע האָבן איבערגעלאָזן אַ שטאַרקן רושם אויף די ביייוועזנדיקע.

בשעתן אויפבוי פון דעם צווייטן שטאָק פון דער ברייניןֿ־קליניק, אין פרילינג פון יאָר 1963, איז יעטאַ האָפּמאַן ווידער געקומען קיין ישראל

## יעטא האָפמאַן

צום יום־טוב פון איר געליבטן אַנשטאַלט, פאַר וועלכן זי אַרבעט אין אַמעריקע מיט אַ פאַרשטאַרקטער טרייקייט. איר רעדע, וואָס זי האָט גע־האַלטן ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט, וועט געבראַכט אינעם בוך אין דער אָפּטיילונג „צער און בענקשאַפט״, וואָס איז געווידמעט יענקעלעס אָנדענק.

נאָך לאַנגע און שווערע נשמה־קאַמפן האָט זיך יעטאַ האָפמאַן פאַר־האַרטעוועט און מיט אַ טאָפּלטער קראַפט און איבערגעגעבנקייט אַריינגע־וואָרפן זיך אין שטראָם פון דער פּראָגרעסיווער קולטור־אַרבעט און גע־פונען אין איר אַ לעבנס־אינהאַלט און אַ גרויסע מאָס פון טרייסט.

* * *

אין דעם באַשיידענעם בוך, וואָס וועט דערלאַנגט די יידישע לייע־נער, פאַרנעמט יענקעלעס אָנדענק דעם האַרציקסטן און בכבודיקסטן אָרט. דער פילנדער לייענער וועט אָבער שפּירן אין די לידער, זכרונות און דערציילונגען, ווי אין יעדער שורה אַנטפּלעקט זיך דער האַרמאָנישער צוזאַמענבונד צווישן יעטאַ האָפמאַנס איבערלעבענישן און איר געזעל־שאַפטלעכער געשטאַלט, ער וועט שפּירן דעם אָפּקלאַנג פון אירע מוטיקע טריט אין די רייען פון דער פּראָגרעסיווער געזעלשאַפטלעכקייט.

לאָמיר איר ווינטשן ווייטערדיקע דערפאָלגן אין איר ליטעראַרישער אַרבעט און אַ פּראָדוקטיוון המשך פון איר טרייער אַקטיווקייט און קאַמף אויף דעם פּראָגרעסיוון יידישן קולטור־פראָנט. זאָל זי אין זיי געפינען איר גרויסן טרייסט און איר לעבנס־אינהאַלט.

תל־אביב, פעברואַר 1964.

פּראָפ׳ שמואל אייזנשטאַדט

# מײַן יוגנט

איך בין געבוירן געוואָרן אין אוקראַינע אין דעם קלײנעם שטעטעלע קאַמיענאָבראָד, וואָס האָט פאַרמאָגט אײן אײנציקע פאַבריק. דאָס איז געװען אַ גרויסע פאַבריק, וואָס האָט פּראָדוצירט פאַיאַנס, דאָס הייסט, אויסאַרבעטונגען, ווי טעלער, שיסלעך און אויך פיל אַנדערע הויז־ווירטשאַפט־לעכע כלים. די פאַבריק האָט זיך פאַרנומען מיט קינסטלערישער באַצירונג פון כלים, וועלכע פלעגן אָפּגעזעצט ווערן אין דער אומגעגנט און איבער גאַנץ רוסלאַנד. דער אייגנטימער פון דער פאַבריק איז געווען אַ קאַפּיטאַליסט מיטן נאָמען זוסמאַן.

אַחוץ עטלעכע פאַמיליעס פון בעלי־מלאכות, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין שטעטל און זיך געשפייזט „פון האַנט אין מויל", האָט זיך די גאַנצע באַפעלקערונג פון שטעטל דערנערט, ווער מער, ווער ווייניקער — פון דער פאַבריק.

די פאַבריק איז אָנגעפירט געוואָרן דורך דירעקטאָרן, פאַרוואַלטערס פון די אײנצלנע אָפּטיילונגען, פאַכלייט־ספּעציאַליסטן און אַ פּערסאָנאַל פון אָנגעשטעלטע. די פירער פון דער פאַבריק און פאַראַזיטישע טעלער־לעקער, וואָס האָבן זיך צוגעשאַרט צו זיי, האָבן געוווינט אין שיינע פּאַלאַצן. די אַרבעטער אָבער האָבן באַקומען פאַר זייער פּראַצע אַ הונגער־לוין. אין שטעטל האָט געהערשט אַ שרעקלעכע אָרעמקייט.

מײַן פאָטער און מוטער זײַנען געווען געבענטשט מיט אַ גרויסער משפחה פון אַכט קינדער. מיר זײַנען געווען אַ האָרעפּאַשנע פאַמיליע, געדינט מיט אונדזער מי דעם אָפּגאָט פון קאַפּיטאַליזם און, ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס דער פאָטער און פיר טעכטער זײַנען געווען באַשעפטיקט אין

פאַבריק, האָט דער פאַרדינסט קוים געקלעקט אויף אונטערצוהאַלטן די נשמה. די מוטער, מיט קליינע קינדער אויף די הענט, איז געווען געצוווּנגען צוצואַרבעטן און באַדינען קוואַרטיראַנטן, וועלכע פלעגן קומען פון דער אומגעגנט, כדי צו אַרבעטן אין דער דאָזיקער פאַבריק.

עס שטייט פאַר מיינע אויגן דער קוימען פון דער פאַבריק, וואָס האָט דערגרייכט מיט זיין הויכקייט ביז די וואָלקנס און האָט אָנגעוואָרפן אַ שרעק אין שטעטל מיט זיין פייפן. יעדן קאַיאָר האָט ער אַרויסגעלאָזט דריי פייפן. דער ערשטער פייף האָט געוועקט פון שלאָף. דער צווייטער האָט אָנגעזאָגט צו לאָזן זיך אין וועג אַריין צו דער פאַבריק. צום דריטן פייף האָט מען שוין באַדאַרפט זיין אויף יענער זייט פון טויער, ביי די וואַרשטאַטן. ווען אַן אַרבעטער האָט אַ מאָל אויף אַ רגע פאַרשפּעטיקט פלעגט דער טויער זיך פאַרמאַכן אונטער דעם אַרבעטערס נאָז. דער קוימען האָט אומברחמנותדיק געשראָקן. באַזונדערס שווער איז געווען דער מצב פאַר די קליינע קינדער, וועלכע עס איז ביטער שווער געווען אויפצושטיין אין די ווינטערדיקע פרימאָרגנס זעקס אַ זייגער פאַרטאָג.

איך וועל קיין מאָל ניט פאַרגעסן דאָס האַרצרייסנדיקע בילד, ווי מיין מוטער האָט אין אַ פינצטערן קאַיאָר געוועקט איר צעניאָריק טעכטערל צו דער אַרבעט. מיט אַ פאַרקלעמטן האַרץ און מיט אַ געדריקטן קול האָט זי גענומען זיך בעטן: „שטיי אויף, מיין קינד, דער צווייטער פייף איז שוין געווען". דאָס קינד, מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן, האָט אויפגעהויבן דאָס קעפּל, אַ בליק געגעבן אין טונקעלן פענצטער און פאַרשלאָפן געמורמלט: „אָט באַלד, מאַמע, באַלד", און איר שווער קעפּל איז געפאַלן גלייך צוריק אויפן קישן און זי איז איינגעשלאָפן. די מוטער, אַ פאַרקלעמטע, אַ פאַר־צווייפלטע, האָט זיך אָפּגעקערט, האָט אַרויפגעלייגט ביידע הענט אויפן קאָפּ, איז צום פענצטער צוגעגאַנגען און געבליבן דאָרטן שטיין אַ פאַר־שטיינערטע, און איר בליק איז געווען געווענדעט אין דער פינצטערער פוסטער ווייטקייט. ווער ווייס, ווי לאַנג זי וואָלט אַזוי געשטאַנען, ווען ניט דער דריטער פייף, וואָס האָט זי אַרויסגעשלאָגן פון איר פאַרגליווערט־

קייט. זי האָט זיך מיט שרעק אַ צאַפּל געטאָן, אָבער זי האָט שוין מער דאָס קינד ניט געוועקט, נאָר פאַר זיך שטיל געשעפּטשעט: „שלאָף, מיין קינד, עס איז שוין אַלץ איינס. עס איז שוין דער דריטער פייף געוועזן, דער טויער איז שוין פאַרמאַכט“.

דאָס קינד בין איך געווען. צו צען יאָר האָב איך שוין באַגריפן אַלע קריוודעס קעגן אונדז, אָרעמע. אויף מיין פראַגע, וואָס איך האָב איין מאָל געהאַט געשטעלט מיין מוטער: פאַר וואָס האָבן דעם דירעקטאָרס קינדער פון אַלדאָס גוטס און אַרבעטן ניט און פאַר וואָס מיר, וואָס אַרבעטן אַזוי שווער, האָבן ניט גענוג זאַט צום עסן? — האָט מיין מוטער טיף אָפּ־געזיפצט און דערנאָך שטיל געזאָגט: — „פרעג ניט, מיין קינד, קיין קשיות. עס איז אַזוי באַשערט פון גאָט“. ווי איך האָב זיך אָבער שנעל איבערצייגט, האָט מיין מוטער סתם אַזוי געזאָגט. טיף אין האַרצן האָט ביי איר געלעבט אַ קלאַסן־באַוווסטזיין, און דאָס האָט דערנאָך די צייט באַוויזן, ווייל בשעת דעם ערשטן צוזאַמענשטויס און אָנקום פון דער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע האָט זי מאַרשירט מיט אונדז אין די ערשטע רייען און פאַר איינס געוואַכט איבער אונדז, אויסצוהיטן אונדז פון געפאַר.

מיין שטעטל איז געווען איינע פון די קולטורעלסטע יידישע שטעט־לעך אין אוקראַינע. די אַרבעטערשאַפט און יוגנט זיינען געווען וואַך צו די אינטערעסן פון דער אָרטיקער אָרעמקייט און צו דער נויט פון די פאָלקס־מאַסן בכלל און האָבן זיך געשטעלט אין קאַמף מיטן צאַריזם. זיי האָבן זיך ניט אָפּגעשראָקן פאַר די טורמעס און כלערליי אַנדערע שטראָפן. באַזונ־דערס פּאָליטיש באַוווסטזיניק זיינען געווען די פאַבריק־אַרבעטער און זייער מוטיקער אַרויסטריט און קאַמף־אַחדות בשעתן גרויסן שטרייק האָט אָפּגעקלונגען ווייט אַרום איבער אוקראַינע. זיי האָבן דעם שטרייק געוווּנען.

די פּאָגראָמען פון 1904—1905 האָבן חרוב געמאַכט דאָס שטעטל און די גאַנצע געגנט, אָבער איך בין שוין דאָרטן ניט געווען, צו קאָנען דערציילן אַלע שוידערלעכקייטן.

עס פאַרגעסט זיך אויך ניט לייכט אַן אַנדער עפּיזאָד, וואָס האָט געפירט צו מיין אַנטוישונג אין דער אַלטער וועלט.

די אַדמיניסטראַציע פון דער פאַבריק האָט צוגעוואָרפן אַביינדל די אָרעמע קינדער און געעפנט פאַר זיי אַ שול, צו לערנען זיי רוסיש אָן געצאָלט. די שול איז באַשטאַנען נאָר פון דריי קלאַסן, אין וועלכע די קינדער האָבן געלערנט דריי יאָר. ביי מיין פלייס צום לערנען האָב איך באַוויזן אויסצולערנען די גאַנצע תורה פאַר איין יאָר, און דאָס ביסעלע קענטעניש האָט דערוועקט אין מיר אַ גוואַלטיקן חשק צו לערנען און שטודירן ווייטער, אָבער מיין פאַרלאַנג איז גלייך דערשטיקט געוואָרן, ווייל עס איז פאַר מיר געשטאַנען די האַרבע פראַגע פון ברויט, פון מאַטעריעלער עקזיסטענץ. איך האָב געמוזט אַרבעטן, פאַרדינען צו לעבן און אויך אַרויסהעלפן אין שטוב.

איך האָב אָבער מיין האָפענונג צו לערנען ניט אויפגעגעבן. איך בין פאָרלויפיק אַריין צו אַ שניידערקע צו לערנען זיך נייען. מיר איז אויס־געקומען טייער צו צאָלן פאַר מיין ערשטער פאַך־בילדונג. איך האָב באַ־דאַרפט באַדינען מיין אַרבעט־געבערין, ניאַנטשען אירע קינדער און טאָן די שווערסטע אַרבעטן, צו וועלכע אַ לערן־מיידל איז אונטערוואָרפן.

נאָך אַלע שוועריקייטן האָט זיך מיר איינגעגעבן גוט אויסצולערנען דעם פאַך און אין אַ קורצער צייט אַרום בין איך שוין איבערגעפאָרן אין אַ גרויסער שטאָט און געוואָרן אַ גוטע פאַרדינערין.

דאָרטן האָב איך זיך גענומען צו פאַרווירקלעכן מיין טרוים — צו לערנען ווייטער. איך האָב גענומען לעקציעס, האָב געמאַכט גוטע פאָרשריטן אין מיין בילדונג. איך האָב מיך געשפּירט גליקלעך, אָבער מיין גליק האָט ניט לאַנג אָנגעהאַלטן. דער חוב צו העלפן מיין פאַמיליע אין היימישן שטעטל האָט מיך געצווונגען צו אַרבעטן לאַנגע שווערע שעהען, כדי איך זאָל קאָנען דערפילן מיינע פליכטן. די שווערע אַרבעט האָט זיך באַלד אָפּגע־רופן אויף מיין געזונט־צושטאַנד, און אַזוי זיינען ווידער אָפּגעשטויסן גע־וואָרן אָן אַ זייט מיינע פאַרלאַנגען פאָרצוזעצן מיין בילדונג. אָבער איך קאָן

דרייסט זאָגן, אַז דאָס ביסעלע בילדונג, וועלכע איך האָב געגאָסן, קומט מיר איצט גוט צו נוץ.

די אַלע אַנטוישונגען אין דער אַלטער וועלט, די אַלע אומשטענדן פון אַרבעט און נויט האָבן מיך געטריבן אָנצושליסן זיך אין די קעמפערישע רייען פון דעם אַרבעטער־קלאַס. צום ערשטן האָב איך זיך אָפּגערעכנט מיט די בעלי־בתים, וואָס האָבן אונדז אַזוי שטאַרק עקספּלואַטירט און געצוווּנגען אַרבעטן פֿאַר זיי אַ צוועלף־דרייצן שעהעדיקן אַרבעטס־טאָג. איך בין געווען איינע פון די אַקטיווע פירער פון דעם שניידער־שטרייק און בין נאָך דעם דערגרייכטן דערפֿאָלג פעסט געשטאַנען אויף דער וואַך, אַז עס זאָל אָפּגעהיט ווערן דאָס אויסגעקעמפטע און דערגרייכטע.

די קליינע קאַמפן האָבן מיך שוין געגעבן אַ שטויס צו גרעסערע קאַמפן. צו דרייצן יאָר בין איך שוין געזעסן אין דער באַרדיטשעווער טורמע.

קיין אַמעריקע בין איך געקומען אַ גרייטע צום קאַמף און האָב זיך גלייך אָנגעשלאָסן אין דער פּראָגרעסיווער אָרגאַניזאַציע און געבראַכט טאָג־איין טאָג־אויס מיין ביישטייער צום קאַמף פאַר גערעכטיקייט און יושר. קיין אַרבעט איז מיר ניט געווען שווער.

איך בין פאַרשטויסן געוואָרן דורך די בייטשן פון לעבן און דורכגעגאַנגען אַ ביטערע שול. מיין פּערזענלעכער לעבן האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ לאַנגער ענדלאָזער קייט פון יסורים, ביז עס האָט דערגרייכט די העכסטע טראַגישע שטופּע פון פיין און צער, ווען דער גרויזאַמער טויט האָט אַרויסגעריסן פון מיינע אָרעמס פריער מיין מאַן, וואָס איז אומגעקומען פון אַן אויפרייס אין זיין קראָם, און דערנאָך מיין איינציקן און הייס געליבטן זון יענקעלע, אויף וועלכן איך האָב געהאַט געלייגט אַזוי פיל האָפענונגען און געגלייבט, אַז ער וועט מיר פאַרגיטיקן מיין גאַנצן פריידלאָזן לעבן.

אַ זין אין צעבראָכענעם פּערזענלעכן לעבן האָט מיר געגעבן נאָר מיין געזעלשאַפטלעכע אַקטיווקייט און ניט ווייניקער פון דעם — דער גרויסער, כמעט ליידנשאַפטלעכער חוש צום שרייבן.

מיט אַ טיפן דראַנג צו וויסן און בילדונג בין איך אַריין אין דער יידישער אַרבעטער־אוניווערסיטעט, וועלכע האָט זיך געפונען אונטער דער אָנפירונג פון די באַגאַבטע לערער דאַווידאָוויטש, אָלשאַנסקי און שפעטער פון אַנדערע. איך געדענק, אַז נאָך דער ערשטער לעקציע איז די שילער פאַרגעבן געוואָרן צו שרייבן אַן אַרבעט אויף דער טעמע: וואָס האָט זיי באַוויגן אָנצושליסן זיך אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. איך האָב ביי דער געלעגנהייט באַשריבן מיין גאַנצע לעבנסגעשיכטע און די לערער האָבן מיר פאַרזיכערט, אַז עס ליגן אין מיר פאַרבאַהאַלטן שרייבערישע




הילף־קאָמיטעט פון דער זווילער לאַנדסמאַנשאַפט מיט יעטאַ האָפמאַן
אַלס גרינדערין

פעיִקייטן און אַז איך וועל אַ מאָל שרייבן אַ בוך, צו וועלכן מיין קאָמפּאָ־
זיציע וועט קאָנען דינען אַלס אַריינפיר.

איצט בין איך איינע פון די גליקלעכע. אין אַ געוויסער מאָס ווערט
מיין טרוים פאַרווירקלעכט.

און דאָ קומט אַ האַרציקער דאַנק מיינע חברים און פריינד, וועלכע
האָבן מיר צוגעגעבן מוט און געגלייבט אין מיין טאַלאַנט. זיי האָבן אונ־
טערגעהאַלטן מיין דראַנג צום שרייבן.

זייער וואַרעמער אָפּרוף האָט דערפירט צו דער איצטיקער פאַר־
ווירקלעכונג פון מיין טרוים: צו פאַרפיקסירן מיין שאַפן אין בוך־פאָרעם
און זיך קאָנען טיילן מיט מיינע פריינד און נאָענטע מיט מיינע געפילן,
געדאַנקען און איבערלעבענישן. דאָס וועט זיין אַ שטיק טרייסט אין מיין
צער־פולן לעבן.

## מיין שטעטל קאַמיענאָבראָד

מיין היימלאַנד איז רוסיש-אוקראַינע,
מיין געבורט-שטעטל — קאַמיענאָבראָד.
אַ פאַרשקלאַפט פאָלק — מיין שטעטל דאָס קליינע,
עקספּלואַטירט דורך זוממאַנס זאַוואָד.

פּאַר אַנדערע דאָרט לוקסוס געשאַפן,
הונגער-לוין איז געווען דער געהאַלט
פון די פאַרחושכטע יידישע שקלאַפן,
וואָס האָבן ניט דערלעבט צו ווערן ווען אַלט.

דער קאַלך האָט פאַרקירצט זייער לעבן,
אין סכנות געלעבט יעדן טאָג —
פון מאַשינען צו ווערן צעריבן
אָדער קריגן פון שווינדזוכט די פּלאָג.

די שקלאַפן-סיסטעם פון פאַבריק
האָט זיך מיר איינגעקריצט טיף אין זכרון.
ווי יונג איך בין דאַן נאָך געווען,
האָט שוין געגליט אין מיר דער האַס און דער צאָרן.

ס׳קומט אויף אין זכרון אַ געשעעניש:
אין אַ קאַלטן פינצטערן פרימאָרגן האָט די מאַמע
איר צען יאָריק טעכטערל צו דער פאַבריק-אַרבעט געוועקט.
איר קול, ווי אַ געבעט: „שטיי אויף, מיין קינד, ס׳שוין שפּעט!״

ס׳קינד רייסט אויף די אייגעלעך מיט גוואַלט,
מורמלט פאַרשלאָפן: „אַט באַלד, מאַמע, באַלד!"
איר שוועך קעפּל פאַלט אויפן קישן צוריק.
די מאַמע שטייט פאַרקלעמט, מיט טרויער אין בליק.

זי שטייט פאַרצווייפלט ביים קינדערשן בעט,
מיט מאַמישע צאַרטקייט איר קעפּל זי גלעט
און שעפּטשעט פאַר זיך: „שלאָף שוין, מיין קינד,
אַלץ איינס איז שוין אויפשטיין צו שפּעט,
דער לעצטער פייף — און דער טויער פאַרשלאָסן אַצינד".

עס זשומען מיר נאָך אין די אויערן
די דריי פייפן, וואָס האָבן שטורמיש געוועקט.
ווי גרויזאַם פאַרמאַכן זיך די טויערן,
ווען מען קומט אויף אַ רגע צו שפּעט.

אַן אָרעמע מאַמע, געקאָרטשעט פון שטענדיקער נויט,
צו שפּייזן אַכט מיילער באַדאַרף מען דאָך ברויט.
קאָכן און באַקן, דעם עסן פאַרדינען.
מיט ווייטיק אין רוקן פרעמדע באַדינען.

מיד און פאַרצווייפלט, דערשלאָגן, פאַרקלעמט
שטייט מאַמע ביים פענצטער, פאַרבראָכן די הענט,
קוקט אין דער ווייטער, דער פינצטערער וועלט,
זוכט אַלץ איר יוגנט, וואָס איז פאַרלאָרן, פאַרוועלקט.

עס בענקט זיך שטאַרק נאָך מיין שטעטל,
ווו איך האָב יונג שוין דעם יאָך שווער געשלעפּט.
נאָר פון דאַן איז מיר די האָפענונג געבליבן,
כ׳האָב מיינע צוקונפט-חלומות געוועבט.

## פסח אין פרילינג

(דערינערונג פון מיין שטעטל)

ווידער פרילינג מיט חיותדיקע ווינטלעך —
פאַרלייכטערט דעם געמיט, דערפרישט דעם זיכרון.
יעדעס ווינטעלע, וואָס בלאָזט אַריין אין מיין פענצטער
דערמאָנט די אַלטע היים, דערמאָנט די קינדער־יאָרן.

אָט זע איך מיין שטעטל אין פרילינג־פרימאָרגן —
די זון שיקט אַרוים אירע גאָלדיקע שטראַלן.
עס פאַרשווינדן, צעפליסן ווינטערדיקע זאָרגן,
ווען דאָס אייז הייבט אָן פון די דעכער צעפאַלן.

פון ווינטערדיקע זאָרגן דער לעצטער שפור פאַרווישט,
די טונקעלע וועלדער האָבן זיך צעבליט,
נייע גראָזן, צווישן מיט בלומען אָפּגעפרישט.
ס'איז פרילינג, ס'איז פּסח אין דעם שטעטל.

אין שטוב איז יום־טובדיק, ציכטיק און ריין —
די ערד מיט געלינקן זאַמד אויסגעשאָטן.
די מאַמע, אַ מידע, צענעמט אירע הענט,
בעט, מען זאָל די שטוב ניט אָנטרעטן.

דער חמץ פאַרברענט, דער סדר שוין גרייט.
דער טאַטע אין ווייסן אויפן קישן אָנגעלענט.
כוסות וויין פאַר יעדערן דערלאַנגט.
אין שטילקייט פון נאַכט קלינגט דער חד גדיא־געזאַנג.

— .געפרעגט האָב איך דעם טאַטן פיר קשיות
איך האָב פרעגן געקאָנט אָן אַ סוף.
דער טאַטע פאַרטייטשט און פאַרענטפערט,
דערציילט פסח-מעשיות פון אַלף ביז תוו.

דער פסח דערמאָנט מיר די יאָרן,
דעם טרוים פון די זוניקע טעג.
— שטעטעלע מיינס, וואָס איז פון דיר געוואָרן?
אוים שפור. ס'איז פאַרבלוטיקט דער וועג.

דאָרט ווו בלומען האָבן אַ מאָל זיך צעבליט
האָט די היטלער-חיה פון אַלץ אַ תל געמאַכט,
פאַרזייט די וועלט מיט גרויליקן טויט,
מיט קינדער-בלוט די ערד גענערט.

ווען פסח אין פרילינג קומט אָן,
אַ פונק אין מיין האַרצן גליט אויף,
אַן אָנזאָג פון פרייהייט דער וועלט,
פון ליידן און קנעכטשאַפט אַ סוף!

## די זון וועט נאָך אַ שיין טאָן אין מיין שטעטל

ווען פרילינג מיט לופטיקע ווינטלעך קומט אָן,
דערפרייט דאָס מיין געמיט, דערפרישט מיין זיכרון.
יעדעס ווינטעלע, וואָס שטראָמט אַריין אין מיין פענצטער
דערמאָנט מיך אין מיין אַלטער היים, אין מיינע קינדערשע יאָרן.

דאַכט זיך, נאָר וואָס איז עס דאָרטן געשען,
ווען כ׳בין אַזוי יונג נאָך געווען,
די פּראַכט פון פרילינג אין זיך איינגעזאַפּט,
מיט קינדערשע אויגן די וועלט באַטראַכט.

געפרייט האָט זיך מיין גאָס מיט די קינדערלעך
די דבורהלעך, יאַנקעלעך, יאָסעלעך,
געהילכט געלעכטערלעך, געפליאָסקעט הענטעלעך,
פיסלעך באָרוועסע ביז די קנעכעלעך.

און די מאַמעס מיט די טאַטעס
אויף די פריזבעס זיך צעשפרייט,
געלופטערט די אַלטע שמאַטעס,
פאַרן זומער די לעכער צוגעגרייט.

* * *

אָבער ווו פלאַנצן האָבן נאָך נעכטן געבליט
האָט די היטלער־בעסטיע צעטראָטן, פאַרשמאַכט,

דערשטיקט דעם פרילינג אין מענטשלעכן בלוט,
פון מיין שטעטל אַ חורבן געמאַכט.

שטיל, פאַרצאָרנט איז דער פויגל אָן אַ היים —
און זינגען?... ניטאָ מער פאַר וועמען.
אַרומגעהאַקט זיינען די צווייגן פון בוים —
מיט די קינדערשע קעפּעלעך צוזאַמען.

עס וועט נאָך קומען פאַר מיין שטעטל אַ צייט,
אַ נייער דור וועט אין אים ווערן געבאָרן;
עס וועט לחלוטין פאַרשווינדן דער טרויער,
ס'וועלן אָנקומען בעסערע יאָרן.

די זון וועט אונדז העל נאָך אַ שיין טאָן.
פאַר אונדזער צער וועלן מיר האָבן נאָך נחת!
אונזער געליטענער פאָלק וועט נאָך בליִען,
מיר וועלן לעבן — די שונאים אויף צו להכעיס!

אין לעבן און געראַנגל

## לזכר בני יחידי יענקלה

שוב ליד קברך אעמד,
למצבתך פרחים אענד,
יום הולדתך לנצח אנצור,
כל עוד כח אעצור.

מתנותיך שלחתי למרחקים,
הן הוענקו שם לילדים.
מי יודע? אולי אתנחם
במזכרת שיזכרוך הם.

טסתי אל מעבר לארצות וימים,
בכל מקום חפשתיך, בני,
שכולה חזרתי אל עצמי, לריקנות ביתי,
כשפצעי עמוק יותר וטריה מכתי.

שמחת-חיי אזלה,
אתה, כוכבי, בשמים אבדת.
רק ימי הולדתך וזכרונך עבורי נותרו,
נגזר עלי למנות שנות חייך הקפודות.

ושוב בא הסתיו על ימיו האפורים, הקרים.
שמי-לילה עננים מכסים
ולסבלי העמוק אין קץ,
לבי מגעגועים מתפלץ.

יעטאַ האָפמאַן

## צום געבורטסטאָג פון מיין אומפאַרגעסלעכן יאַנקעלע

ווידער שטיי איך ביי דיין קבר,
באַציר ווידער דיין שטיין מיט בלומען.
דיין געבורטסטאָג וועל איך הייליק האַלטן,
ביז איך וועל נאָך קענען קומען.

דיינע מתנות האָב איך אין אַ ווייטן לאַנד
פאַר אַנדערע קינדער געגעבן.
ווער ווייס? אפשר, ווי אַ טרייסט,
מיט דיין געשאַנק וועסט אייביק פאַר זיי לעבן?

איך בין געפלויגן איבער לענדער, איבער ימען,
אין ערגעץ ניט געפונען דיך, מיין קינד.
צוריק צו זיך, צו מיין ליידיקייט געקומען
מיט אַ טיפערער צעווייטיקטער ווונד.

ווידער האַרבסט מיט גרויע קאַלטע טעג,
דער נאַכטיקער הימל מיט וואָלקנס באַגאָסן;
צו מיינע טיפע ליידן ניטאָ מער קיין ברעג,
מיין האַרץ ווערט פאַר בענקשאַפט צעריסן.

## מיין טייער קינד, יאַנקעלע

צו דיין געבורטסטאָג היינט —
געבראַכט דיר פרישע בלומען.
נעכטן, ווי היינט, געווען ביי דיר,
כ׳וועל מאָרגן ווידער קומען.

ווידער דריקן דיין קאַלטן שטיין,
אַ מתנה דיר — מיינע הייסע טרערן.
פאַר טיפער בענקשאַפט וויינען שטיל.
איך וויל דיין רו ניט שטערן.

איך וויים, אויף אייביק ביסט פאַרלאָרן,
דאָך וואַרט איך דיך ביז שפעטער שעה.
ביים קלענסטן שאָרך, איך הער דיין קול, כ׳קאָן שווערן:
„מאַמע, דו וואַרטסט. איך בין שוין דאָ".

שטאַרקער איז מיין האַרץ פון שטיין,
ס׳וויל ניט פון פיינלעכן ווייטיק זיך באַפרייען
ביז ס׳וועט קומען מיין סוף, כ׳וועל פאַרגיין,
וועט קיין בלוטיקע טרער מיר ניט סטייען.

## מיין זיסער יאַנקעלע

שוין דיין צווייטער געבורטסטאָג היינט.
מיין מתנה פאַר דיר: ווידער פרישע בלומען.
איך דריק מיט ווייטיק דיין קאַלטע וואַנט,
וואָס פאַרשטעלט דיין זיסן, שיינעם פּנים.

טאָג נאָך טאָג, מיט געפּייניקטן געמיט,
האַלט איך וואַך, דיין רו זאָל זיך ניט שטערן.
דיין מאַמעס האַרץ ווערט איינגעטונקט אין בלוט
און דורכגעווייקט פון טרערן.

ניטאָ מער קיין טרייסט מיין ווייטיק צו שטילן,
ניטאָ מער קיין פרייד, וואָס האָסט מיר געגעבן,
אַ ווונד נאָר געבליבן, וואָס לאָזט זיך ניט היילן,
נאָר שלאָפלאָזע נעכט און שאָטן פון לעבן.

אויסגעלאָשן איז שוין מיין ליכט און שטרעבן
דו, מיין ליכטיקער שטערן, ביסט אין די הימלען פאַרלאָרן.
דיינע געבורטסטאָגן און יאָרצייטן זיינען פאַרבליבן.
זיי ציילן דיינע ניט אויסגעלעבטע יאָרן.

אַזוי טאָג נאָך טאָג, מיט געפּייניקטן געמיט,
וואַך איך איבער דיר, קיינער זאָל דיין רו ניט שטערן.
דיין מאַמעס האַרץ ווערט איינגעטונקט אין בלוט,
און דורכגעווייקט פון טרערן.

יעטאַ האָפמאַן

# מיין האַרציקער זון, יאַנקעלע

היינט אַ יאָר ווי איך האָב דיך פאַרלאָרן.
מיין לעבן אָן דיר געוואָרן איז פּוסט.
איך וויים, עס וועלן ניט העלפן קיין טרערן.
מיין וואַרטן אויף דיר איז אומזיסט.

אין פינצטערע נעכט זע איך דיינע ליכטיקע אויגן,
דיין זיסן שמייכל, וואָס האָט מיין לעבן באַשיינט.
ווי גערן איך וואָלט געבן אַלע מיינע מאָרגנס
פאַר דיין איינעם אַ ווירקלעכן היינט.

געהאַלטן וואַך אויף אַלע דיינע וועגן,
אָפּגעהיט דיין יעדן טראָט און שפּאַן.
דו ביסט געוועזן מיין שטאָלץ, מיין גייסטיקער פאַרמעגן,
דער אינהאַלט פון מיין ווייטערדיקן זיין.

ס׳ווייגט דיין לעבן, וואָס איז אַזוי יונג פאַרשניטן,
איך זוך אַ טרייסט. איך ברענג דיר פרישע בלומען.
כ׳וועל ניט אויפהערן צו וואַכן איבער דיר,
ביז איך וועל נאָך קאָנען צו דיר קומען.

## מיין איינציקער זון, יאַנקעלע

שוין דיין צווייטע יאָרצייט היינט, איך לעב נאָך אַלץ.
שווער צו שטאַרבן, ווען מען וויל.
איך שווער צו לעבן מיט טיפן צער
און שטיקן הייסע טרערן אין דער שטיל.

מיין לעבן ציט זיך אַזוי לאַנג —
און דיינער אַזוי יונג פאַרשניטן.
ווי גערן כ׳וואָלט דיין טויט
מיט פרייד אויף מיינעם אויסגעביטן!

ס׳איז שווער צו טרייסטן זיך אַליין,
ווען מעסערס שניידן ביזן טיפן ביין;
ווען דיך, מיין קינד, פאַרשטעלט דער קאַלטער שטיין
און איך בין אין דער וויסטער היים אַליין.

אין שטוב איז פינצטער, דיין שטול פאַרשעמט,
דאָס איינציק ליכט — דיין בילד אויף דער וואַנט.
איך הער דיין טראָט, כ׳האַלט דעם אָטעם איין.
אָבער דו, מיין קינד, קומסט מער ניט אַריין.

יעטאַ האָפמאַן

## מיין ליבהאַרציקער זון, יאַנקעלע

שוין דיין דריטע יאָרצייט היינט.
יעדן יאָר קומט צו אַ וווּנד.
מיין נאָגנדיקע בענקשאַפט נאָך דיר
לאָזט זיך ניט אין ווערטער צו דערציילן.

געלעבט פאַר דיר, געאָטעמט מיט דיר.
דו האָסט מיט אינהאַלט אָנגעפילט מיין לעבן.
האָפענונג, גלויבן, אילוזיעס פאַר מיין קינד.
וואָס קאָן די וועלט אַצינד מיר שוין נאָך געבן?!

ס'איז שיין דער טאָג היינט, דער הימל אַזוי קלאָר.
די פייגלעך זינגען שטילע, טרויעריקע געזאַנגען,
ס'איז מיר פינצטער, פאַרגאַנגען איז מיין זון
אין אָפּגרונט טיף פאַרזונקען די פאַרלאַנגען.

די לופט איז אָנגעטאָן אין טונקעלן שווייגן.
די זון, זי ווייס ניט פון קיין אונטערשייד.
זי שיקט אירע שטראַלן אויך צו דיין קבר...
עס קילט מיין בלוט, עס ציטערט יעדער איבר.

מיר איז שוין איצט אַלץ איינס,
ווען דיין יונג לעבן האָט זיך אָפּגעשטעלט,
ווי אַ טיפער פינצטערער אָפּגרונט
זעט מיר אויס איצט די וועלט!

## מיין יאַנקעלעס בר־מצוה־דרשה
(צו דער פטער יאָרצייט)

דאַכט זיך, ערשט נעכטן איז דאָס געשען,
ווען דו ביסט דאָס ליכט פון מיינע אויגן געווען.
היינט האָב איך ווידער דיין יאָרצייט־ליכט אָנגעצונדן,
דאָס צאַנקענדע פלעמעל שרפהעט מיינע אומפאַרהיילטע ווונדן.

ס'לעבט אויף אין מאַמעשן זיכרון
די פרייד ווען דו ביסט בר־מצווה געוואָרן:
ווי שטאָלץ דו ביסט געווען מיט דער דרשה, וואָס וועסט זאָגן.
דיין יידיש האָט אַזוי לויטער געקלונגען
און מיך אין די הימלען געטראָגן.

האָסט געזאָגט: „איך דערגרייך היינט אין מיין לעבן אַן עטאַפּ
פון אַ זעלבשטענדיקן באַשלוס —
צו שאַפן מיין אייגענעם געבאָט,
צו געווינען גערעכטיקייט,
צו שטיין פעסט אויף די אייגענע פיס״...

„איך וויל נישט מער זיין אַזאַ ייד
און לעבן ווי מיינע עלטערן אַ מאָל,
זיך באַהאַלטן פאַר יעדן אַנטיסעמיט,
שטענדיק זיין אין שרעק און שווייגן שטיל״.

„איך וועל מיין קאָפּ ניט בייגן,
טראָגן אין האַרצן דעם יידישן ווײ.
איך וויל זיין שטאָלץ מיט מיין אָפּשטאַם
און זיין פעסט מיט מיין טראָט, ווו איך גיי".

„איך וויל ניט טראָגן דעם שווערן יאָך
פון אַ יידישן גלות און שווייגן,
ווערן ווי אַ וואָרעם צעטראָטן
און וואַרטן ביז משיח וועט זיך צייגן".

„איך וויל ניט פאַרגעסן דעם גרויל פון נעכטן,
אויך דעם היינט ניט פאַרשווייגן.
איך וועל קעמפן פאַר אַ וועלט אַ גערעכטער
און פאַר אַ פרייען ליכטיקן מאָרגן".

„איך וויל זיין איינער פון די,
וואָס ברידערן זיך מיט פעלקער, אָן אונטערשיד,
איך וויל זיין איינער פון די,
וואָס שעמען זיך ניט צו זיין אַ ייד".

„פון היינט און ווייטער —
שלים איך זיך אָן אין די קעמפערשע רייען.
מיט פאַראייניקטע כוחות וועלן מיר
די וועלט פון פאַשיזם באַפרייען".



יאַנקעלע מיט די קינדער פון דער יידישער קינדער־קאָלאָניע

# מיין באַגריסונג צום אויפבוי פון צווייטן שטאָק פון דער ראובן ברײנין־קליניק אין יפו־תל־אביב

חשובע פריינד,

קודם כל וויל איך אַלעמען האַרציק באַגריסן צום היינטיקן גרויסן יום־טוב פון פאַרענדיקן דעם צווייטן שטאָק פון דער חשובער, פון אונדז אַלעמען געליבטער הומאַניסטישער אַנשטאַלט.

מיין באַגייסטערונג איז באַזונדערס גרויס, ווייל מיט פינף יאָר צוריק, ווען איך האָב דאָ, אין די ווענט פון דער קליניק, פאַראייביקט דעם אָנדענק פון מיין זון, איז דער פּלאַן אויסצובויען אַ צווייטן שטאָק געווען בלויז אַ חלום. און איצט, ווען דער חלום איז פאַרווירקלעכט געוואָרן, איז געווען מיין גרויסער ווונטש, צו זען מיט מיינע אויגן די גרויסע דערגרייכונג, און דאָס איז דערמעגלעכט געוואָרן אַ דאַנק מיין טאָכטערס צושטייער. אַ דאַנק איר בין איך געקומען ווידער אין ישראל פון ווייטן לאָס־אַנדזשעלעס, כ׳בין איצט מיט אייך און באַטייליק זיך אין אונדזער שותפישן גרויסן יום־טוב.

אויף וויפל די אינסטיטוציע איז מיר טייער רעדט דער פאַקט אַליין, וואָס איך האָב אויסגעקליבן דאָ צו פאַראייביקן דעם אָנדענק פון מיין זון, כאָטש איך האָב דאָס געקאָנט טאָן אין איינער פון אונדזערע אַמעריקאַנישע, געאָגראַפיש נענטערע און גענוג וויכטיקע אינסטיטוציעס. איך האָב אָבער געפילט, אַז עס איז פיל וויכטיקער צו העלפן די אָרעמע און קראַנקע קינדער אין ישראל, צו שטיצן די ראובן ברײנין־קליניק, וואָס גיט זיי מעדיצינישע הילף.




ראובן ברײנין־קליניק אין תל־אביב

די דאָזיקע אויפגאַבע איז געקומען באַזונדערס נאָענט צו מיין האַרצן, ווייל מיין זונס יונגער לעבן איז געווען דורכויס געווידמעט די נויטבאַ־דערפטיקע קינדער. ער האָט זיך באַטייליקט אין אַלע יידישע קאָמיוניטי־צענטערס אין לאָס־אַנדזשעלעס און אַוועקגעגעבן זיין גאַנצע פרייע צייט, דערהויפּט בשעתן שול־איבעררייס, כדי צו העלפן די צענטערס אין זייער אַרבעט. ער פלעגט אַרויספאָרן מיט די אָרעמע קינדער אין די זומער־קעמפּס, פאַרברענגען מיט זיי דאָרטן און אומקערן זיי פון דאָרטן פרישע, אויסגערוטע צום צווייטן טערמין אין די קלאַסן. די קינדער האָבן אים זייער ליב געהאַט און ער זיי — נאָך מער. און שפּעטער, ווען ער איז געוואָרן לערער אין היי־סקול, האָט ער זיך ווידער פאַרנומען מיט די קינדער. ער האָט זיי צוגעגרייט, זיי זאָלן קאָנען געווינען די ערשטע פרייזן פאַר קונסט. איך בין זיכער, אַז דאָס וואָלט געווען אויך מיין זונס ווילן פאַראייביקט



פון לינקס: יענאַ מעראָן, יעטאַ האָפּמאַן, ג. וואַלדשטיין און סאָניע ליפשיץ.

פון אויבן: דאָס בילד פון יאַנקעלע האָפּמאַן.




יעטאַ האָפמאַן צווישן פּערסאָנאַל און עסקנים פון דער בריינין־קליניק

צו ווערן דאָ, און איך האָב דערפילט זיין ווילן און איך האָב צו דעם צוועק בייגעשטייערט די גאַנצע סומע געלט, וואָס איך האָב געהאַט אָפגעשפּאָרט פאַר מיין זונס צוקונפט.

פון דאַן אָן הער איך ניט אויף צו שטיצן די אינסטיטוציע לויט מיין מעגלעכקייט, און אויך מיין טאָכטער און איידעם האָבן בייגעטראָגן באַדייטנדיקע בייסטייערונגען צו מיין זונס אָנדענק. זיי האָבן לעצטנס באַזוכט די קליניק און אויך איבערגעלאָזט זייער מתנה פאַרן צווייטן שטאָק.

איך בין גליקלעך, וואָס איך קאָן זיך באַטייליקן אין דער פאַר־ווירקלעכונג פון דעם וויכטיקן פּראָיעקט פון אויפבוי פון צווייטן שטאָק און געבן אויף דעם וועג מיין הילף די פאָלקסמאַסן אין ישראל.

זייט־זשע האַרציק באַגריסט, איר טוערס און פריינד, די אַלע וואָס האָבן דערמעגלעכט די גרויסע דערגרייכונג. פירט ווייטער אייער חשובע פאָלקס־אַרבעט און זאָל זי געקרוינט ווערן מיט נייע דערפאָלגן!

# געפונען איר אידעאַל

בעקי איז אַן עלטער מיידל, איינע פון די, וואָס די מורא פאַר די יאָרן מאַכט זיי נאָך עלטער.

זי האָט געאַרבעט אין שאָפּ איר גאַנץ לעבן און זי אַרבעט נאָך ביז איצט. זי האָט געליטן פון באָס און פון פאָרמאַן און אויך פון שלעכטע מיטמענטשן אויף איר אַרבעט־פּלאַץ. איין האָפענונג האָט זי די גאַנצע צייט געהאַט, אַז גאָט זאָל איר צושיקן אַ גוטן זיווג און דאַן וועט זי ערשט פּטור ווערן פון די אַלע, פון וועמען זי האָט יאָרן לאַנג געליטן.

פון די לינקע שעפער האָט זי געוויכט. זי האָט ניט געקאָנט אָנקוקן די „באָלשעוויקעס". דאָס האָט איר דער באַלעבאָס איינגערעדט, אַז די באָלשעוויקעס קעמפן אויס נאָר פאַר זיך אַליין דאָס בעסטע, און פאַר די איבעריקע אַרט זיי כלל ניט.

זי אַליין, ניט זייענדיק פעיִק צו זען ווייטער פון זיך, האָט געגלייבט דעם באַלעבאָס און אויסגעמיטן די „באָלשעוויקעס".

אַזוי האָט זיך געצויגן טאָג־איין טאָג־אויס איר לאַנגווייליק לעבן, פּוסט, אינהאַלטלאָז און אָן קיין שום אינטערעס. קומענדיק פון דער אַר־בעט, פלעגט זי זיך אַריינוואַרפן אין בעט אַ ניט־געגעסענע, איינגראָבן דעם קאָפּ אין קישן, וויינען אָן טרערן און זיפצן פאַר טיפן ווייטיק.

יעדער טאָג איז ביי איר געווען אַ יאָר. די צייט האָט זיך ביי איר געצויגן ווי אַן אייביקייט, און קיין חתן איז נאָך אַלץ ניט געקומען.

וויפל איך פלעג ניט רעדן צו איר, אַז זי זאָל אַוועקוואַרפן אירע נאַרישע פאַרשימלטע מעטאָדן פון זוכן אַ חתן און אַז זי זאָל בעסער אַריינ־טרעטן אין אונדזערע רייען, נעמען טריי אַרבעטן פאַר אַן אידעאַל און

אַז דאַן וואָלט זי זיך ערשט אַליין געפונען. זי פלעגט מיר תמיד ענטפערן מיט איראָניע:

— וואָס? באַלאַנגען צו אייערע, מיט אייערע פרייע ליבעס, מיט די וואָס זוכן אַלע וואָך אַן אַנדערע? ניין, איך וועל בעסער בלייבן אַליין!

עס האָט אויך ניט געהאָלפן מיין ביישפּיל, וואָס איך האָב געבראַכט פון זיך, אַז איך, וואָס בין פאַרהייראַט לויטן געזעץ — ווי דאָס, וואָס זי ווינטשט זיך — וואָלט געבליבן אַן איינזאַמע און אומצופרידענע, ווען איך וואָלט זיך איינגעשלאָסן נאָר אין מיין ענגן קרייז. איך ווייס ניט, וואָס פאַר אַ טעם עס וואָלט געהאַט מיין לעבן, ווען איך רייס זיך ניט אַרויס מיט גוואַלט פון שטוב און קיך און וואַרף זיך ניט אַריין צוזאַמען מיטן אַרבעטער־קלאַס אין קאַמף פאַר אַ בעסערן, ליכטיקערן לעבן. איך וואָלט פאַרלאָרן געגאַנגען אין מיין שטוביקער אַלטעגלעכקייט.

איך האָב איר דערציילט אויך מיט באַגייסטערונג וועגן אונדזער יידישן אַרבעטער־אוניווערסיטעט, ווי עס איז אינטערעסאַנט דאָס לערנען פאַר דערוואַקסענע, ווי מען ווערט גייסטיק רייכער מיט יעדן טאָג און ווי דאָס לערנען גיט אַריין יוגנט־פרישקייט אין לעבן.

זי האָט מיר געבראַכט אַרגומענטן, אַז עס איז שוין צו שפּעט פאַר איר צו לערנען, אַז זי דאַרף פריער חתונה האָבן און דאַן וועט זי שוין זען, וואָס צו טאָן, ווייל עס וועלן אַראָפּ פון איר קאָפּ די זאָרגן.

איך פאַל אויף אַ פּלאַן, ווי דאָס מיידל אַריינצוקריגן אין אונדזערע קרייזן. איך האָב אָנגערירט די ריכטיקע סטרונע. איך האָב גענומען רעדן צו איר, אַז ביי אונדז וועט זיך געפינען דער אמתער באַשערטער פאַר איר. ביי אונדז וועט זי האָבן פון וואָס אויסצוקלייבן און אַז אויף דעם אופן וועט ווערן געלייזט איר פּראָבלעם.

דאָס האָט אויף אַן אמתן געווירקט. זי האָט אָנגעפאַנגען צו ווערן ערנסטער צו מיינע רייד.

און איין מאָל האָט זי מיך טאַקע איבערראַשט: קומענדיק אין אָוונט אין אונדזער אַרבעטער־צענטער, האָב איך זי געטראָפן צווישן אונדזערע.



די פירערשאַפט פון אַרבעטער־פּראַטערנאַלן אָרדער מיט יעטאַ האָפמאַן אַלס סעקרעטאַר
און סעקרעטאַר פון די קינדער־שולן

איר פּנים, אירע אויגן האָבן פאַרלאָרן זייער עלטער. זי איז גאָר אַן אַנדערע געוואָרן. איך בין מיט פרייד צוגעלאָפן צו איר: ווי, וואָס, ווען? ווי קומט זי אַהער? וואָס האָט זי געבראַכט צו אונדז?

אויף אַלע מיינע פראַגעס האָט זי קורץ געענטפערט, אַז איצט האָט זי קיין צייט ניט צו רעדן מיט מיר, ווייל זי האָט זייער וויכטיקע אַרבעט צו באַזאָרגן. זי בעט מיך איך זאָל צוואַרטן אויף איר. זי וויל מיט מיר רעדן. זי האָט מיר אַ סך צו דערציילן.

ניט קוקנדיק אויף מיין באַשרענקטער צייט, בין איך געבליבן וואַרטן אויף איר מיט גרויס אומגעדולד.

ענדלעך האָט זי זיך באַוויזן מיט אַ גאַנצער גרופּע מיידלעך און יונגע־לייט....

מיין האַרץ האָט געוואַקסן פון איר שיינענדיקן פּנים. זי איז גלייך צוגעלאָפן צו מיר, האָט געדריקט מיר די האַנט און געזאָגט מיט באַ־גייסטערונג:

— חברטע, איר זייט ווירקלעך געווען גערעכט. איך האָב דאָ גע־פונען זיך אַליין. איך בין דאָ געקומען זוכן אַ חתן און האָב געפונען אַן אידעאַל.

זי האָט מיר ווייטער דערציילט, ווי טעטיק זי איז אין דער באַוועגונג. זי איז טעטיק אין פיל אָרגאַניזאַציעס און איז צופרידן.

איך האָב זי, פאַרבייגייענדיק, אַ פרעג געטאָן:

— און וואָס הערט זיך עפּעס וועגן אַ חתן?

זי האָט זיך צעלאַכט אויפן קול און געזאָגט אָפּנהאַרציק: — חברטע, איך שעם זיך ווירקלעך פאַר מיינע פריערדיקע רייד. וואָס מיר חתן, ווער מיר שדכנים! איך האָב איצט וועגן וויכטיקערעס צו טראַכטן, — און זי האָט אונטערגעכאַפּט אויף אַ צווידייטיקן לשון: „עס פעלן דען אויס חתנים״? און גלייך נאָך דעם האָט זי איבערגעחזרט מיינע ווערטער: „איך האָף דאָ אויסצוקלייבן״, און צום סוף האָט זי צוגעגעבן:

— חברטע, עס קומט אייך אַ גרויסער דאַנק. איר האָט אַריינגע־בלאָזן אין מיר אַ פונק פון גלויבן און מוט. דער פונק האָט זיך צעגליט אין מיר, ביז ער האָט זיך צעפלאַקערט, און, ווי איר זעט, בין איך געקומען אַהער אָפּצולעשן זיך דורך מיין ביישטייער דער אַרבעט פאַרן קלאַסן־קאַמף.

און מיט אַ זיכערקייט אין איר שטימע האָט זי אויסגערופן:

— חברטע, טוט ווייטער די דאָזיקע הייליקע אַרבעט! רעדט צו אַזעלכע ווי איך, וועקט זיי. אייערע רייד וועלן ניט זיין אַרויסגעוואָרפן. זיי וועלן אָפּקלינגען אין די הערצער און וועלן ברענגען צו גוטע רעזולטאַטן.

# אַ נייער רעקרוט

איך בין איינע פון די פּאַרשפּעטיקטע סטודענטקעס פון דער אַרבעטער־אוניווערסיטעט. ווען איך בין געקומען צו די ערשטע לעקציעס, האָט מיין באַגייסטערונג דערגרייכט די העכסטע שטופּע. מיר זיינען געזעסן ביי די טישלעך און די געדאַנקען האָבן זיך פּאַרטראָגן ווייט צוריק, צו די קינדער־יאָרן. מיר האָבן דאָך דאַן אַזוי שטאַרק מקנא געווען יענע קינדער, וועלכע האָבן געהאַט דאָס גליק צו גיין אין די שולן זיך לערנען. איצט, זיצנדיק דאָ אין קלאַס, פיל איך, אַז איך נעם אָפּ מיין חוב פון פריער.

עס וואָלט זיך שטאַרק וועלן, אַז די שעה פון לערנען זאָל זיך ניט ענדיקן און אַז דער ים פון וויסן זאָל זיך קיין מאָל ניט אויסשעפּן. מיט אַזאַ גוטער שטימונג פאַרלאָז איך דעם קלאַס.

אַרויסגייענדיק אין גאַס, טרעף איך איינע פון מיינע באַקאַנטע, וועלכע שטייט נאָך ווייט פון אונדזער באַוועגונג. איך פּרוּוו רעדן מיט איר, זי זאָל ווערן אַ מיטגליד פונעם אַרבעטער־אוניווערסיטעט. זי לאַכט זיך פונאַנדער און זאָגט:

— וואָס וועל איך לערנען דאָרטן? איך ווייס אַזוי פיל, ווי אייערע לערער.

איך באַהערש זיך, כדי ניט אַריינצוגיין אין כעס און ניט ענטפערן איר ווי געהעריק פאַר איר חוצפּה. איך פּרוביר איר געבן אַביישפּיל פון זיך אַליין. איך דערקלער איר, אַז אויך איך האָב פריער אַזוי געטראַכט. אָבער קומענדיק צו אייניקע לעקציעס, האָב איך ערשט איינגעזען, אַז איך ווייס גאָרניט.

מיינע אַרגומענטן הייבן אָן ווירקן אויף איר, אָבער זי גיט מיר ניט

קיין רעכט. זי פאַרלאָזט מיך, וואַרפנדיק אַ וואָרט, אַז זי וועט ניט קומען צו אונדז.

ווי בין איך אָבער געווען איבעררעאַשט, ווען קומענדיק צו דער צווייטער לעקציע, האָב איך זי געטראָפן ביי אונדז אין קלאַס. זי איז געזעסן פאַררוקט אין אַ ווינקל, אַז זי זאָל זיך ניט וואַרפן אין די אויגן.

אין יענעם מאָמענט האָט מיך באַהערשט דער באַגער צוצולויפן צו איר און דריקן איר די האַנט. איך האָב אָבער באַמערקט ווי זי באַהאַלט איר פּנים, ווי זי מיידט אויס מיך צו זען.

איך האָב אויסגעמיטן צו טרעפן זיך מיט אירע בליקן און געלאָזט זי צו רו.

עס האָט ניט געדויערט קיין לאַנגע צייט און די חברטע איז צוגעקומען צו מיר, געדריקט מיין האַנט און האָט איבערגעחזרט מיינע פריערדיקע ווערטער:

— חברטע, איך גיב צו, אַז איך ווייס גאָרניט.

מיין האַרץ האָט געקוואָלן פון מיין זיג.

# אין אַ זאַמל־טאָג פֿאַר די קינדער־שולן

(אַ מאָנאָלאָג פֿון אַ זאַמלערין)

איך האָב זיך אָנגעשלאָסן אין דעם זאַמל־קאָמיטעט פֿאַר די שולן. דאָס איז געווען מיין ערשטער פּרווו אויף דעם דאָזיקן געביט. כאָטש די אַרבעט איז מיר כלל ניט געווען צום האַרצן, האָב איך דאָך געוואָלט באַווייזן, אַז איך בין אויך אַ מוסטער־סאָלדאַט אויף מיין פּאָסטן. באַשלאָסן און געטאָן, געכאַפּט אַ פּושקע און געלאָזן זיך אויפן פעלד פֿאַר קולטור־אַרבעט. אָבער, ווען איך בין געקומען אויף מיין באַשטימטער טעריטאָריע, איז פּלוצלונג געבראָכן געוואָרן מיין שטימונג. מיין פעסטער טראָט ווערט שוואַכער. איך קאָן פֿאַר קיין פֿאַל ניט שלום מאַכן מיט דעם געדאַנק, אַז גיין מיט אַ פּושקע בעטן זאָל זיין אַן אידעאַל!

עס דויערט אָבער ניט לאַנג און עס באַווייזט זיך פֿאַר מיינע אויגן די געשטאַלט פון מיין צווייטער העלפט, די חברטע קעסטין, מיט וועלכער איך דאַרף צוזאַמען דורכפירן די געלט־זאַמלונג. זי טוט מיך לייכט אַ שטויס, איך גיי ווייטער און קוק זיך אַרום, צי קיינער פון מיינע באַקאַנטע זעט מיך ניט און אינסטינקטיוו רוק איך אַרונטער די פּושקע אונטערן מאַנטל.

מיט אומזיכערע טריט קום איך צו דער ערשטער טיר און דאָס האַרץ הייבט מיר אָן צו קלאַפּן, און, ווי עס ווייזט אויס, האָט מיך מיין האַרץ ניט אָפּגענאַרט. עס קומט צו צו דער טיר אַ מאַן און טוט מיך גלייך אַ מעסט אָפּ מיט די אויגן. איך טו אויך דאָס זעלבע. איך מעסט אים אָפּ פון דער זייט. דאַכט זיך, אַ זיכערער „פּאָטשאָנטעק". איך קריג מוט און שיס אַרויס מיין איינגעשטודירטע רעדע: — מיסטער, קאָנט איר אפשר אַרויסהעלפן פֿאַר די קינדער־שולן?

באַטראַכט ער מיך פון אויבן אַראָפּ, און זעענדיק אויף דער פּושקע די אויפשריפט „אָרדען־שולן״, רעדט ער אַרויס מיט אַ בייזן קול און מיט גדלות:

— איר שעמט זיך גאָרניט צו גיין בעטלען פאַר אייערע שולן ?!

— אָבער מיר בעטלען ניט — איז געווען מיין ענטפער, און די עטלעכע דרייסטע ווערטער האָבן מיך גלייך אַרויסגעהאָלפן, איך האָב געקראָגן צוריק מיין גלייכגעוויכט און איך האָב אים געענטפערט, אויך מיט דעם זעלביקן טאָן פון גדלות:

— יעס, מיסטער, איך שעם זיך אַבסאָלוט ניט, ווייל מיט מיין איצטיקן בעטן וועלן מיר זיין אין שטאַנד צו דערקלערן אונדזערע קינדער דעם אונטערשייד צווישן אייך און אונדז. מיר וועלן זיי קאָנען דערקלערן, פאַר וואָס איר דאַרפט ניט בעטן און מיר יאָ, ווייל איר צעשטערט דעם פּראָגרעסיוון גייסט און פאַרלייקנט דעם אמת, דעם יושר און די גערעכטיקייט, פאַר וועלכע מיר קעמפן!

נו, ווי געפעלט אייך מיין ערשטע באַגעגעניש?

איך בין אַרויס פון יענעם הויז מיט אַ פאַרבאַהאַלטענער פּושקע אין דער האַנט און האָב אַפילו דורכגעלאָזט צוויי הייזער, כדי צו זיין זיכער, אַז די ווייטערדיקע זיינען ניט אָנגעשטעקט פון דעם ערשטן פאַרשוין.

איך האָב זיך אָנגענומען מיט מוט און געקלאַפּט ווייטער אין די טירן. און עס איז דאָס מאָל געגאַנגען ווי געשמירט. איך האָב מיך אַליין געוווּנדערט אויף מיין געוואַגטקייט. איך האָב דערקלערט יעדן איינעם, וואָס האָט מיר געעפנט די טיר, דעם צוועק פון אונדזער קולטור־אַרבעט בכלל און די צילן פון דער איצטיקער געלט־זאַמלונג באַזונדערס. אייניקע פון די וואָס איך האָב באַזוכט האָבן עפּעס געגעבן, די אַנדערע האָבן ניט פאַרמאָגט קיין פּעני ביי דער נשמה און אַנדערע האָבן סתם ניט געהאַט קיין קליין־געלט. עס האָט ניט געהאָלפן אַפילו מיין חוצפּהדיקער פאָרשלאָג, אַז איך בין גרייט אויסצובייטן זייערע גרויס־געלט אויף קליין־געלט. אַלס ענטפער אויף



צענטראַלע פאַרוואַלטונג פון דער וועסט עדעמס שול

פון רעכטס צו לינקס, אויבערשטע ריי: — חבר אָסטאַר, חברטע אָסטאַר, יאַפע, ליפשולץ, זיפער, לערער. חברטעס קאָהן, סייוול, וואַסערמאַן, מאזעלעס און חבר טאַרגאָנסקי.

מיטלסטע ריי: — חברטעס סייברין, קאַפּילאָף, בודין, רובין, לעוויט, העז, גארט, דאַווידאָף און חבר חפץ.

זיצנדיקע ריי: — חברים שענקמאַן, קאָהן, חברטע לאַפּקין; אויסטראָווסקי, לערער; חברטע זווייק, ח׳ און חברטע סטיינהאַרדט, ח׳ ס. האָפמאַן, פינ. סעק. פון דער שול־פאַרוואַלטונג.

מיין פאָרשלאַג האָבן זיי מיט אַ שטאַרקן קלאַפּ פאַרמאַכט די טיר אונטער מיין נאָז.

איך האָב שוין ווידער געהאַט פאַרלאָרן מיין מוט: איך האָב אין אַזוי פיל טירן געקלאַפּט און מיין פושקע איז נאָך אַלץ אַזוי ליידיק און גרינג, און דערצו קריכן מיר נאָך אין דער נאָז געשמאַקע ריחות פון געפּרעגלטע אָנבייסנס, בעת איך בין אַרויס פון דער היים נאָך אַ הונגעריקע. דער הונגער הייבט מיך אָן צו פייניקן.

אַזוי טראַכטנדיק וועגן עסן, בשעת מיין מוטלאָזן אָפּהענטיקן גיין אויף דער גאַס, האָט פּלוצלונג צוגעצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט אַן אָפענע טיר מיט פריילעכע טענער פון אַ ראַדיאָ, און עפּעס האָט מיר מיין האַרץ געזאָגט, אַז אין דעם הויז וווינט אַ ניט יידישע פאַמיליע. און איך האָב געטראָפן. צוליב אָנשטענדיקייט האָב איך אָנגעקלאַפּט, און עס האָט זיך באַלד באַוויזן ביי דער טיר אַ מעקסיקאַנער, וועלכער האָט געפרעגט אין שפּאַניש, וואָס איך פאַרלאַנג. איך האָב אים דערקלערט אין ענגליש דעם ציל פון אונדזער געלט־זאַמלונג. איך ווייס ניט, צי האָט ער מיך גענוג פאַרשטאַנען, אָבער צו מיין איבערראַשונג האָט ער אַריינגעלייגט זיין האַנט אין קעשענע און אַרויסגענומען אַ האַלבן דאָלער, וועלכער האָט אַרויסגע־לאָזט אַזאַ פריילעכן קלאַנג אין מיין פּושקע, און דערצו האָט זיך דער אומבאַקאַנטער מעקסיקאַנער פאַרענטפערט, אַז, ליידער, האָט ער איצט ניט מער קיין געלט.

נאָך אַזאַ פאַל האָב איך געקראָגן נייעם קוראַזש און בין געגאַנגען ווייטער פון הויז צו הויז. — און פּלוצלונג האָט מיך ווידער דערוואָרט אַן אַנטוישונג: עס האָט זיך באַוויזן ביים אַריינגאַנג אין איינעם פון די הייזער אַ פרוי מיט אַ זויערן פּנים און איידער איך האָב נאָך באַוויזן עפּעס צו זאָגן האָט זי זיך פאַרכאַפּט פריער און אַרויסגערעדט בייז:

— איך האָב שוין איין מאָל געגעבן אין פּושקע, צוויי מאָל גיב איך ניט.

איך האָב „אַרויפגעצויגן״ אַ שמייכל אויפן פּנים, האָב איר צוגע־וואָרפן אַ דאַנק און בין שנעל אַראָפּגעלאָפן פון די טרעפּ.

דאָס מאָל האָב איך באַשלאָסן מער ניט צו גיין זאַמלען. איך האָב אָפּגעמאַכט מיט זיך אַליין: איך וועל שפּאָרן וויפל איך וועל קענען פון מיינע פערזענלעכע אויסגאַבן און אַליין אַריינוואַרפן אין דער פּושקע.

און ווי איך לויף אַזוי בגנבה אַ פאַרטאָגנענע אין מיינע שווערע געדאַנקען, באַווייזט זיך ווידער מיין צווייטע העלפט, די חברטע קעסטין און אַלס אַלטער סאָלדאַט פון אונדזער אידעאַל מיט אַ רייכער פּראַקטיק

אין דעם פּרט פון געזעלשאַפטלעכע „ביזנעס”, האָט זי אויסגעלאַכט זיך איבער מיין אַנטוישונג און זי האָט, אויפן יסוד פון איר אייגענער דער־פאַרונג, מיך פאַרזיכערט, אַז ווען דער אָנהייב גיט זיך ניט איין, וועט דער סוף זיין אַ בעסערער.

איך האָב אָנגענומען איר עצה, איך האָב זיך געשטאַרקט און ווידער גענומען זיך צו דער אַרבעט.

און עס איז ווירקלעך געשען עפּעס נייעס: גייענדיק אַזוי ווייטער איבער דער גאַס, האָט זיך מיר געטראָפן אויפן וועג דער ראַדיקאַלער פרוכט־פּעדלער קאָרסאַנאָף. געוואָר ווערנדיק פון מיין זאַמל־אַרבעט, האָט ער מיר אַריינגעוואָרפן מיט צופרידנקייט אין פּושקע זיין ערשטן פּדיון, און, קוקנדיק אויף אים, האָבן זיך פאַראינטערעסירט מיט דער זאַך אויך זיינע קונים און יעדערער פון זיי האָט געשפּענדעט צו פּאָר סענט.

אַזוי האָב איך זיך שוין ווידער געקרעפּטיקט און אָנגעהויבן צוגע־ווינען צו דער דאָזיקער אַרט אַרבעט פאַר אונדזער ציל. עס האָט ווירקלעך אָנגעהויבן גיין בעסער, ביז עס איז ווידער געקומען אַ נייע קאַטאַסטראָפע: איך האָב אָנגעקלאַפּט אין אַ טיר און עס האָט זיך באַוויזן אַ באַקאַנטער פּנים פון אַ פרוי. זי האָט זיך דערפרייט מיטן נאָמען פון די אָרדען־שולן, האָט אויסגעשריען באַגייסטערט: „אָ, יעס, עני טיים!” און איז געלאָפן צוריק אין שטוב נאָך געלט. איך האָב אַ דערפרייטע פאָרגעשטעלט זיך אין מיין דמיון, אַז זי וועט אפשר ברענגען אַ גאַנצן דאָלער אָדער מער. איך בין אָבער געווען ביטער אַנטוישט, ווען זי איז געקומען צוריק, האַלטנדיק אין איר אויסגעשטרעקטער האַנט צווישן די פינגער אַ פּאָר פּעניס און פון אויפרעקונג האָט זי נאָך ניט געטראָפן גלייך אין פּושקע און איין פּעני איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד. ווי עס ווייזט אויס, האָט די פּושקע פּראָטעסטירט אַריינצונעמען אַזאַ גאָב, בפרט פון אַן אָרדען־מיטגליד. איך האָב איר געלאָזט זוכן דעם פּעני אויף דער ערד און, צוזאָגנדיק איר צו שיקן אַ קבלה, בין איך ווייטער אַוועק אין מיין וועג.

איך האָב שווער געאַרבעט יענעם פרימאָרגן. עס האָבן ניט געפעלט

אַנטוישונגען, אָבער מיין געמיט האָט זיך געהויבן, ווען איך האָב דער־פילט, אַז מיין פושקע ווערט שווערער און שווערער.

מיר האָט דאַן אָנגעהויבן פאַרדריסן מיין פריערדיקע וואַקלדיקייט און מוטלאָזיקייט. פון דער קליינער דערפאַרונג האָב איך אַ סך געלערנט. עס האָט זיך געשטאַרקט מיין גלייבן, אַז אַזוי לאַנג, ווי מיר האָבן פאַר זיך אַ נאָבעלן און גרויסן ציל איז אויך די דאָזיקע ניט לייכטע אַרבעט מיט אירע אָפטע אַנטוישונגען אין מענטשן אַ נייטיקע און דאַנקבאַרע, אַז פריער אָדער שפּעטער קומט די באַפרידיקונג. דער עיקר אָבער איז די איבערצייגונג, אַז יעדע פון אונדז, אַקטיוויסטינס, העלפט מיט איר אַרבעט צו דערציען די יידישע יוגנט אין פּראָלעטאַרישן, וועלטלעכן און פּראָגרעסיוון גייסט. דאָס איז אונדזער באַשיידענער ביישטייער פאַרן גליק פון קומענדיקן דור.

## דער „פרייהייט געזאַנג־פּאַראיין" — מיין שטאָלץ

עס שטייט מיר פאַר די אויגן די ערשטע רעפּעטיציע, ווען איך בין אַריינגעקומען אין זאַל און אַוועקגעזעצט זיך אויפן בענקל. אַלץ איז מיר נאָך אויסגעקומען אַזוי ניי און פרעמד, אָבער איינדרוקספול. איך בין מאָמענטאַל מיטגעריסן געוואָרן און פאַמעלעך אָנגעהויבן מיטצוזינגען.

די גאַנצע אַטמאָספער האָט געמאַכט אויף מיר אַן אויסערגעוויינלעכן איינדרוק: דער געזאַנג, די פרייַלעכקייט, די חברישקייט. איך האָב זיך דערפילט ווי נייגעבוירן. איך האָב אויפגעהערט צו טראַכטן אַזוי פיל פון מיין אייגענער פערזענלעכער לאַגע, וועלכע איז געווען זייער טרויעריק. דער „פרייהייט געזאַנג־פּאַראיין" איז געוואָרן מיין צווייטע היים, דער צענטער פון מיין פאַרווײַלונג און גייסטיקן פאַרגעניגן.

דעם דיריגענט פון געזאַנג־פּאַראיין האָב איך פשוט פאַרגעטערט. איך האָב באַוווּנדערט זיין קינסטלערישע אַרבעט, זיין פעיקייט איינצולערנען מיט ניט געשולטע מענטשן פיר־שטימיקע געזאַנגען.

מיין באַגייסטערונג פאַר דער אַרבעט פון דעם „פרייהייט געזאַנג־פּאַריין" איז נאָך מער געשטיגן מיטן אָנקומען צו אונז פון חבר לעאָ מאַלאַמיט אַלס דיריגענט, וואָס איז געשיקט געוואָרן פון ניו־יאָרק דורך דעם יידישן מוזיקאַלישן פאַרבאַנד. אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט זיך היפש און ראַשיק אַ רוק געגעבן פאָרויס. מען האָט גענומען איינזינגען נייע לידער און אויך חבר י. שייפערס אָראַטאָריע „קיין איינציקער שפאַן". די אַרויסטרעטונגען פון כאָר זיינען געווען דערפאָלגרייכע, און איך האָב זיך געפילט גליקלעך צו זיין איינע פון דער משפחה פאָלקס־זינגער.

באַלד איז פאַר מיר אָנגעקומען אַ צווייטע איבערלעבעניש, ווען

חבר צעפקין איז צו אונדז געקומען אַלס דיריגענט. חבר צעפקין איז ניט נאָר אַ גוטער דיריגענט און פירער, נאָר אויך אַ באַוווסטזיניקער און אינטעליגענטער מענטש. מיט זיין אָנקומען איז דער געזאַנג־פאַראיין אַרויס אויף ברייטע וועגן פון אַנטוויקלונג.

דער „פרייהייט געזאַנג־פאַראיין" איז אויסגעוואַקסן און איז געוואָרן איינע פון די אָנגעזעענסטע קולטור־אָרגאַניזאַציעס ביי אונדז אין שטאָט.

איך באַדויער יעדן פאַל, ווען איך האָב ניט געקאָנט ברענגען אין אַ געוויגנדער מאָס מייןביישטייער צו דער אַרבעט פון פאַראיין.

אָבער דאָס פעלד פאַר אונדזערע אַקטיוויטעטן איז נאָך געבליבן גרויס און ברייט גענוג.

דער „פרייהייט געזאַנג־פאַראיין" האָט געבראַכט מוט און דער־פרייונג אין מיין מאָנאָטאָנעם פערזענלעכן לעבן. ער האָט מיך, אַחוץ דעם, געלערנט צו פילן און צו פאַרשטיין דעם קאַמף פון דעם אַרבעטער־קלאַס פאַר זיין באַפרייונג. איך בין באַלד געוואָרן אַ מיטגליד פון אַרבעטער פראָטערנאַלן אָרדער, אַ שילערין פון „פאָלקס־אינסטיטוט", איך האָב געהאָלפן אין דער אַרבעט פון די אָרדער־שולן.

איך בין געווען באַזונדערס שטאָלץ און דערהויבן, וואָס איך בין געווען איינע פון די זינגער צום 15־יאָריקן יובילײ פון אונדזער כאָר. איך ווינטש אים אַ לאַנגן און פרוכטבאַרן לעבן.

# אַ „שטילער" שאַפּ

פאַראַן אין לאָס אַנדזשעלעס אַ שאַפּ, וואָס געהערט צו די נאָרמאַנדי בראַדערס. דער שאַפּ באַשעפטיקט אַרום 150 אַרבעטער, די מערסטע קריסטלעכע פרויען.

אַהין אַריינצוקומען דאַרף מען דורכמאַכן אַ סך „רעד־טעיפּ" ווי אין די צדקה־אינסטיטוציעס. און נאָך אַלע שוועריקייטן, ווען מען איז שוין אין שאַפּ, גייט צו אייך צו אַן אויפזעערין און דערלאַנגט אויף אייך אַ קוק, ווי אַ דעספּאָט פון ניקאָלאַיס צייטן. עס ווערט ניט גוט, ווען מען דערזעט איר צאָרנדיקן פּנים. רויט איז זי, ווי אַ זשאַנדאַר. דעם קאָפּ האַלט זי פאַרריסן. מיט אַ באַפעלנדיקן טאָן שטעלט זי אייך גלייך אַן אולטימאַטום:

— דו ווייסט, דאָ מוז מען גוט אַרבעטן! מען מוז אויסאַרבעטן די סקעיל, וואָס איז צו דאָלער אַ וואָך. ביסטו אויף דעם גרייט?

זי דערקלערט ווייטער, אַז דאָ אין שאַפּ טאָר מען ניט ריידן בשעת דער אַרבעט. און ווען איך האָב איר געוואָלט זאָגן אַ וואָרט, האָט זי גלייך צוגעטראָגן אַ פינגער צום מויל, וואָס האָט געמיינט, אַז איך מוז שווייגן — שאַ!

די פאַרדינסטן פון אַ היפּשער צאָל אַרבעטער אין דער דאָזיקער שאַפּ זיינען 8 און 10 דאָלער אַ וואָך. פאַר די 8 און 10 דאָלער מוז מען צואַרבעטן אויך שבת.

דער גרעסטער טייל אַרבעטער אין שאַפּ זיינען צוריקגעשטאַנענע. זיי פאַרהאַלטן זיך צום באַס און צו דער אויפזעערין ווי אמתע שקלאַפן. אייניקע פון זיי ווערן אויסגענוצט פון דעם באַס און דער אויפזעערין אויף

נאָכצושפּיאָנירן יעדן נייעם אַרבעטער, ער זאָל חלילה ניט אַריינברענגען אין שאַפּ קיין פרייען געדאַנק.

קיין יידישע אַרבעטער וויל מען בכלל ניט אַריינעמען אין שאַפּ, סיידן זיי זיינען אויסערגעוויינלעך שנעל ביי דער אַרבעט. צווישן די 150 אַרבעטער פון שאַפּ זיינען פאַראַן ניט מער ווי צוויי אָדער דריי יידישע.

אַ טריק, מיט וועלכן מען באַנוצט זיך אין דעם דאָזיקן שאַפּ, באַשטייט אין דעם, וואָס אייניקע אַרבעטער צאָלט מען אַ העכערן פּרייז, כדי אָנצווייזן די איבעריקע: אָט זעט, פאַר וואָס קאָנען יענע מאַכן אַ לעבן?!

ווען מען זיצט ביי דער אַרבעט מוז מען זיך היטן מען זאָל חלילה ניט אויפהייבן דעם קאָפּ. ווען איך האָב ביי אַ שכנטע אַ פרעג געטאָן בשעת דער אַרבעט עפּעס וועגן אַ וויכטיקער יוניאָן־אָנגעלעגנהייט, האָט זי זיך ניט פאַרגונען איינצוהערן זיך וואָס איך פרעג און זי האָט אין דער שטיל אַ מורמל געטאָן אַזאַ ענטפער, וועלכן איך האָב ניט געקאָנט ניט הערן און ניט פאַרשטיין.

עס אַרבעטן אין דעם שאַפּ אויך אייניקע פון די פּראָגרעסיווע אַרבעטער, אָבער זיי זיינען קליין אין צאָל און הילפלאָז. דער דאָזיקער שאַפּ נייטיקט זיך זיכער, אַז די יוניאָן זאָל זיך מיט אים ערנסט פאַרנעמען און זען, אַז עס זאָל עפּעס געטאָן ווערן, כדי צו פאַרלייכטערן דאָרטן די באַדינגונגען פון די, וואָס אַרבעטן דאָרטן אַ שקלאַפן־אַרבעט ביי די מאַשינען.

## טאַנקען פאַר דער יידישער גאַס

עס שטורעמט און עס האָגלט
פון יעדן ווינקל מיט געשאַנקען.
דער רוף פון אונדזערע ברידער:
קעגן שונא טויזנט טאַנקען!

טויזנט טאַנקען, עראָפּלאַנען —
וועלן הערצער זיך דערפרייען.
פאַרניכטן נאַצישע טיראַנען,
די וועלט פון פינצטערניש באַפרייען.

טאַנקען די רויטע אַרמייען,
דעם נאַציזם אַ ברענענדע שנאה!
טאַנקען וועלן שטאַרקן די רייען
אין פלאַמיקן דאָרשט נאָך נקמה!

לאָמיר, ברידער, טאָן אונדזער פליכט
און גיין פון טיר צו טיר,
וועקן, רופן, מאָנען,
מאָנען טאַנקען אָן אַ שיעור!

ריים אָפּ פון מויל דעם ביסן,
אַ טאָג-און אַ וואָך-אַרבעט גיב,
לייג ניט אָפּ אויף שפּעטער,
אויב די פרייהייט איז דיר ליב.

זאָלן ברידער שפּירן דאָרטן,
אַז מיר האָבן זיי דערהערט.
מיר זאָגן צו און האַלטן וואָרט:
דער פיינט וועט זיין צעשטערט.

שיקן מיר טאַנקען, עראָפּלאַנען
פאַר דעם שונאס לעצטן קלאַפּ.
פאַר די באַגראָבענע, פאַרפייניקטע
נעמט נקמה, האַלט ניט אָפּ.

וויינען, קלאָגן וועט ניט העלפן,
הילף איז איצט דער צוועק!
טאַנקען דאַרף מען, שלאָגן מוז מען,
שלאָגן, קעמפן אָן אַן עק.

באַגריסן מיר אייך, העלדישע אַרמייען,
סאָוויעטישע בראַווע פּאַרטיזאַנען.
מיר שיקן אייך אונדזערע מתנות,
מיר שיקן טאַנקען און עראָפּלאַנען!

1941

## דער רוף פון יענער זייט ים

דער רוף פון אונדזערע ברידער
איז אַ רוף פון בלוט און פון טרערן.
זייער קול אין מינוטן פון אומקום
מוז די גאַנצענע וועלט דערהערן.

געקומען פון וואַלד און פון גריבער
האָבן זיי די היימען פאַראַשטע געפונען
און פון אַש שלאָגן אַרויס פייער־פלאַמען
טריפט בלוט פון די זעקס מיליאָנען.

אַ חרוב שטעטל אָן מוט און אָן לעבן.
היטלער־בעסטיע האָט אַלץ דאָ צעשטערט
נאָר פרישע קברים זיינען דאָ פאַרבליבן,
צו שאַנד און צו שפּאָט איז די ערד.

פון משפּחה ניטאָ מער קיין שפּורן.
עס שמעקט נאָך אַלץ מיט קאַנאָנען־רויך.
עס הערן זיך נאָך קרעכצן פון גריבער,
פון בלוט שפּאַלט זיך דער שליאַך...

האָבן לאַנדסלייט דעם רוף דערהערט
און שטרעקן אויס אַ ברודער־האַנט.
מען שיקט קליידער, שיך און שפּייז,
און העלפן בויען אויף ס'ניי דאָס לאַנד.

מיר וועלן אַלע שטיין אויף דער וואַך
צו פעסטיקן דעם געוווּנענעם זיג,
ביז פאַרשווינדן וועלן שאָטנס פון טרויער,
קומען וועלן פרייע, זוניקע טעג.

## צום אָנדענק פון וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד

איך דאַרף ניט קיין עדות דערמאָנען דעם שוידער
פון מיליאָנען יאָרצייטן פאַר אונדזערע קדושים.
איך זע זיי אַ גאַנץ יאָר אין אָפענעם קבר,
בלוטיקע שליאַכן געפלאַסטערט מיט מתים.

איך זע זייער גייסט אינעם פייער און פלאַמען
דרייסט און העראָיש, מיט העלדמוט און גבורה.
דאָס יינגל מיט דער פאָן אויפן דאַך דאָרטן אויבן,
געפלאַטערט דאָרט רויט אין שטורעם אָן מורא.

די שטורמישע ווינטן פון ווייטן וואָס בלאָזן
דערטראָגן פון גריבער פאַרשטיקטע געשרייען.
אין פלאַטער און ציטער אין שפיצן פון גראָזן
דערטראָגט זיך דער יאָמער, די קרעכצן און ווייען.

איך זע אייך, מאַרטירער, אין מיידאַנעק — אָשווענטשים.
איך זע אייך אין שלאַכטן, איך זע אייך אין מאַרשן,
העלדיש דערהויבן קעגן רוצחישע מעשים,
פאַראייניקט געשטורעמט דעם געטאָ פון וואַרשע.

איך דאַרף ניט קיין עדות אין חורבן דערמאָנען —
איך זע אייך, איר קדושים, ביינאַכט און באַגינען,
געשלעפּט פון די מערדער אין אויוונס פאַרברענען,
אייער גרויזאַמער טויט גייט ניט אַרויס פון מיין זינען.

איך זע אייך, קדושים, אין פּסח־נאַכט שווידער,
אונטער האַרמאַטן און קוילן איר פּראַוועט דעם סדר,
און כוסות מיט טרערן, מיט בלוט דאָרטן פינקלען,
די העלדן די בראַווע לחיים זיי טרינקען.

פאַר אייך, ליבע העלדן, מיר טרינקען לחיים.
מיר שלינגען מיט בלוט פון די אויגן די טרערן,
מיר טרינקען לחיים פאַרן מאָרגן דעם פרייען,
פאַרטרינקען דעם שווידער פון נעכטן דעם שווערן.
די הענקערס, די היטלערס קיין מאָל ניט פאַרגעבן!

## „ניט שולדיק"!

(אייכמאַנס מישפּט)

געקומען איז די לאַנג דערוואַרטע שעה:
דעם מערדער אייכמאַן האָבן מיר שוין דאָ.
די בלוטיקע חיה אין שטייג אין מענטשן־געשטאַלט,
מיט וועלפישע ציין, גרייט פאַרצוקן די וועלט.

פאַר זיינע מוראדיקע פאַרברעכנס גיט ער זיך ניט קיין קרים.
כ'זע די מתים אין בלוטיקע טליתים אַרום אים.
פון ברענענדיקע אויוונס הילכט פאַרשטיקטער געשריי:
„נקמה, נקמה פאַר אונדזער פּיין, אונדזער וויי"!

די בלוטיקע חיה אין שטייג קוקט רויִק, געלאַסן,
ווי אים גייט דער גאַנצער משפּט ניט אָן.
„ניכט שולדיק!" „ניכט שולדיק" — ריין איז זיין געוויסן.
אים פאַרדריסט נאָר דער אומקום פון בלויז זעקס מיליאָן.

„ניכט שולדיק!" וואָס ער האָט אונדזער פאָלק אומגעבראַכט,
אונדזערע פרויען און קינדער גרויזאַם צעטראָטן.
פאַרשפּאַרט זיי אין געטאָס, צו שפּאָט זיי געמאַכט,
אין די גריבער לעבעדיק פאַרשאָטן.

„ניכט שולדיק!" — פאַר ימים טרערן און בערג ביינער,
וווּ קיין נאָמען קאָן ניט געפינען קיינער.
איך זע אין זיינע טייוולשע בלוטיקע הענט,
ווי ער האָט צווישן מיליאָנען אויך מייניקע פאַרברענט!

„ניכט שולדיק!" — פאַר דעם גרויל און שוידער
אין דער בלוטיקער פסח־נאַכט ביים סדר.
מיט האַרמאַטן און קאַנאָנען אַ חורבן געמאַכט.
מיט העלדן די בראַווע פאַרפירט אַ בלוטיקע שלאַכט.

פייער פאַר פייער, מיט ביקס און מיט שפּיזן
האָבן די קדושים אונדזער פאָלק צו דערהייבן באַוויזן.
געפאַלן הערויִש, געאָפּפערט דאָס לעבן
מיטן לעצטן רוף: „ניט פאַרגעסן, ניט פאַרגעבן!"

עס דערטראָגט זיך פון דער בלוטיקער געטאָ־וואַנט
דער קול פון פאַרפייניקטע שוועסטער און ברידער:
„פאַרגעסט ניט די מערדער, וואָס האָבן אונדז געסמט,
דערלאָזט ניט באַוואָפענען זיי ווידער!"

איר, הייליקע העלדן, האָט אייער ענטפער געגעבן —
אַ דענקמאָל אויף דורות האָט דאָס פאָלק אייך געבויט.
מיט בלוט פון די קדושים וועט ווערן פאַרשריבן
אייער מוטיקער קאַמף, אייער הערויִשער טויט.

איז אייער אָנדענק אונדז הייליק און טייער.
אייער פאַרגאָסן בלוט וועט זיך קיין מאָל ניט פאַרגעסן.
מיר שווערן: דעם נקמה־פייער פאַר אייער אומקום
אין האַרצן קיין מאָל ניט פאַרלעשן!

## צום אינטערנאַציאָנאַלן פרויען־טאָג

איך שרייב מיינע ווערטער ביי דער געלעגנהייט פון דער יערלעכער פרויען־טאָג־פייערונג דעם 8טן מערץ.

דער טאָג איז געווידמעט דער וויכטיקער אויפגאַבע אָפּצומערקן די ביז איצטיקע דערגרייכונגען פון די פרויען אין גאָר דער וועלט אויפן געביט פון עקאָנאָמישער, פּאָליטישער און קולטורעלער טעטיקייט און אָנצוצייכענען דעם ווייטערדיקן וועג פון דער באַוועגונג אין איר קאַמף פאַר דער פולער באַפרייונג פון דער פרוי.

ניט קוקנדיק דערויף, וואָס די פרוי איז געשטיגן אויף אירע געזעלשאַפטלעכע פּאָזיציעס און וואָס די פרויען־באַוועגונג האָט אַזוי שטאַרק פּראָגרעסירט, זיינען מיר נאָך אַלץ הינטערשטעליק אין אַ גרויסער מאָס. די פרוי איז נאָך ווייט פון אַ פולער גלייכבאַרעכטיקונג. עס פעלט איר נאָך אין פיל לענדער פרייהייט, דאָס רעכט און די פּאַקטישע מעגלעכקייט צו באַטייליקן זיך אויף די פאַרשיידענע געביטן פון פּאָליטישן און קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן. דער גרעסטער טייל פרויען הייבט ערשט אָן צו קומען צום באַוווסטזיין פון זייער באַעוולטקייט. די איצטיקע וועלט־געשעענישן עפענען זיי פון טאָג צו טאָג אַלץ מער זייערע אויגן.

דערפאַר איז שוין אין סאָוויעטן־פאַרבאַנד און אין אַלע איבעריקע סאָציאַליסטישע לענדער אָפּגעשאַפט געוואָרן יעדע אַרט פון אומגלייכקייט פון דער פרוי, און די פרוי פאַרנעמט דאָרטן דעם פּלאַץ, וועלכער איר קומט. אין ראַטנפאַרבאַנד עקזיסטירט ניט מער קיין ספּעציעלע, ניט געלייזטע פרויען־פּראָבלעם. עס איז ניטאָ דאָרטן קיין איין געביט, ווו פרויען זאָלן ניט פאַרנעמען קיין אָנגעזעענעם אָרט. די פרויען זיינען דאָרטן פאַרטראָטן אין

אַ גרויסער מאָס אין וויסנשאַפטלעכער און קולטורעלער אַרבעט. פרויען זיינען טעטיק אַלס זשורנאַליסטן, אַרכיטעקטאָרן, קאָמפּאָזיטאָרס און גאַנץ באַזונדערס אַלס מעדיצין־דאָקטוירים און לערערס.

און דאָס איז איינע פון די הויפּט־אורזאַכן פאַר וואָס די אַמעריקאַ־נער פרויען באַגריסן היינט מיט שטאָלץ און ערע זייערע שוועסטער אין סאָוועטן־פאַרבאַנד, וואָס האָבן באַשיימפערלעך באַוויזן דעם פולן ווערט פון דער פרוי, וואָס צייכענען אָן פאַר די פרויען פון גאָר דער וועלט דעם וועג צו זייער באַפרייונג און וואָס רופן זיי צו שטעלן זיך אין די רייען אַלס קעמפערינס קעגן די ביטערסטע שונאים פון דער מענטשהייט.

די יערלעכע פייערונג פון דעם פרויען־טאָג דאַרף וועגן דעם כסדר דערמאָנען, בפרט היינטיקן יאָר, אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם וועלט־קאָנגרעס פון פרויען, וועלכער פאַראייניקט איבער צוויי הונדערט מיליאָן פרויען פון אַרום ניינציק לענדער, פרויען פון פאַרשיידענע ראַסן, נאַציאָנען און קאָנטינענטן.

די אינטערנאַציאָנאַלע פרויען־באַוועגונג האָט געקראָגן אַ מעכטיקן שטויס פאָרווערטס. די דעלעגאַטינס פון קאָנגרעס האָבן זיך געווענדט צו אַלע פרויען אין דער וועלט מיט אַ רוף צו פאַרשטאַרקן דעם קאַמף פאַר שלום, — און די אַמעריקאַנער פרויען קומען זיי ענערגיש אַנטקעגן. די פרוי פון היינט שפּילט אַ גרויסע ראָלע אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, און ווען זי וועט זיך שטעלן אומעטום אין די קעמפערישע רייען, וועט זי זיכער דערפירן די וועלט צו שלום און גערעכטיקייט פאַר אַלע פעלקער.

1963

## דער מוטער־טאָג

די שטוב איז אויסגעפּוצט מיט בלומען,
ווי ליב און טייער זיינען קינדערשע מתנות!
נאָר מאַמעס הערצער לאָזט דאָס ניט זיין רויִק
ווי לאַנג עס הערשט די שרעק פאַר מלחמות.

כל־זמן די לופט פאַרסמט דער אַטאָם־שטויב
און פּולווער־אויפרייסן פאַרשטעלן נאָך די זון, —
איז מאַמעס־טאָג נאָך ניט געקומען,
ווייל קינדערס לעבן שטייט נאָך אַלץ אין קאָן.

ס'איז שווער זיך מיט מתנות פרייען,
וואָס קינדער האָבן אונדז געבראַכט,
ווען ערגעץ ווו אַ קינד אַ טייערס
פאַלט אומשולדיק אין פלאַם פון שלאַכט.

דערוואַכט זשע, מאַמעס פון אַלע שטאַמען,
אָנגעזאַפּטע מיט וויי און פּיין!
אין קאַמף פאַר שלום קומט צוזאַמען,
זאָל מאַמעס־טאָג פאַרשטערט ניט זיין.

מיר וועלן אָפּריכטן דעם טאָג אויף אַן אַנדער אופן,
ווען רויבער, הערשער וועלן לעבנס ניט פאַרקויפן,
ווען פאַררויכטער הימל וועט לויטער ווערן,
מאַמעס קינדער־קושן ניט וויקן זיך אין טרערן.

אין פינצטערניש וועלן אויפלייכטן די שטערן,
די זון וועט אויסברענען דעם חושך, וואָס פאַרשטעלט די שיין.
— מאַמעס-טאָג וועט דאַן שוין ליכטיק ווערן,
דער לעצטער שאָטן וועט אין מאָרגן-ליכט פאַרגיין.

אַנדערש וועט דער גרויסער טאָג דאַן אויסזען,
ווען לעבנס ניט פאַרקויפט טייוולאָנים וועלן זיין.

און פרילינג-פעלדער וועלן גרינען, בליען —
ברענגען פרייד צו מאַמעס מילדע טישן.
בליען וועלן צוויטן אין אַלע אַרומען,
אַ פרילינג-ווינטל וועט די ערד דערפרישן.

זינגט זשע, קינדער, דעם שלום-ניגון,
פאַרטרייבט דער מאַמעס שרעק און זאָרגן.
אַ מאַמע איז אַ גרויס פאַרמעגן, —
זי קעמפט און וואַכט פאַר אייער מאָרגן.

עס וועט זיך וויים צעטראָגן דער פרילינגס-ניגון.
די וועלט וועט הילכן מיט באַפרייונגס-לידער,
מאַמעס פון אַלערליי קאָלירן וועלן גיין אַנטקעגן,
הענט געשלאָסן מיט אַלע פעלקער-ברידער.

## די דערגרייכונג פון די לייען־קרייזן

נאָך אין 19טן יאָרהונדערט, ווען די פרוי האָט דערוואַכט נאָך איר געוווּנענער פרייהייט און שטימרעכט, האָט זיך גלייך אָנגעהויבן דער פאַר־ביסענער קאַמף מצד די קעגנער, די שונאים פון פרייהייט. זיי האָבן פאַר קיין פאַל ניט געקאָנט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז די פרוי איז ענדלעך אַרויס פון איר ענגער סביבה און לאָזט הערן איר שטים אין פּאָליטישן, עקאָנאָמישן און קולטורעלן לעבן. זיי האָבן אָנגענומען די שטרענגסטע מיטלען ניט צו דערלאָזן די פרוי צום שטים־קאַסטן. זיי האָבן געטומלט מיט די „פּראָפּאָזשינס" און צעמישט די מוחות, ווי זיי טוען דאָס די גאַנצע צייט אָן אויפהער. די רעאַקציאָנערע שוואַרצע כוחות זיינען אַרויס מיט די שאַרפסטע וואָפן. זיי האָבן געטענהט, אַז די פרוי טאָר ניט האָבן קיין פריי־הייט, ווייל זי איז אין איר נאַטור גענייגט צו זיין שקלאַפיש און דאַרף בלייבן אַ שקלאַפין צום מאַן. זיי האָבן זיך באַצויגן צו דער פרוי ווי צום נעגער־פאָלק, באַהויפּטנדיק, אַז זיי זיינען געבוירן געוואָרן שקלאַפן און מוזן בלייבן שקלאַפן.

אָבער די שונאים איז פאַר קיין פאַל ניט געלונגען צו צעשטערן די דערגרייכונגען פון דער פרוי, וואָס זיינען איר אַזוי ליב און טייער. די פאַקטן האָבן באַוויזן, אַז דעם שטראָם פון פּראָגרעס קאָן מען ניט אָפּשטעלן. די פרוי האָט מיט איר שטאַרקער ווילנסקראַפט דורכגעשלאָגן די פינצטערע וואַנט און איז געגאַנגען פאָרויס אויפן וועג פון דער ווייטערדיקער אַנט־וויקלונג. זי מאַרשירט פעסט אין אירע קעמפערישע רייען און נוצט אויס איר רעכט אויף אַלע געביטן.

און דאָ קומט די דערשיינונג פון די לייען־קרייזן, וועלכע האָבן גע־

מאַכט מעגלעך דעם ווייטערדיקן פאָרשריט פון דער פרויען־באַוועגונג און די פאָרזעצונגען פון די אידעישע קאַמפן, וועלכע עס האָבן געפירט די היסטאָריש באַרימטע פרויען, ווי ערנסטין ראָז, קלאַראַ צעטקין, סוזי אַנטאָניע, רבקה גראַץ און נאָך אַנדערע, וועלכע האָבן אויסגעטראָטן דעם וועג פאַרן פראָגרעס.

די דאָזיקע לייען־קרייזן מיט זייער קולטורעלן בייטראָג און נאָך אַנדערע פרויען־אָרגאַניזאַציעס, ווי די עממאַ־לאַזאַרוס, דער פרויען־קאָנגרעס און אַנדערע האָבן אונדז, פרויען, געגעבן אַ שטויס פאָרווערטס צו אַ שטופּע, ביי וועלכער מיר פאַרנעמען איצט אַזוינע הויכע פּאָזיציעס אין געזעלשאַפטלעכן לעבן און שטייען אין די פאָדערשטע רייען אין קאַמף פאַר גערעכטיקייט און פאַר אַ יושרדיקער פרייער וועלט פאַר אַלע פעלקער.

כדי צו קענען אָפּשאַצן ווי געהעריק די דערגרייכונגען פון די לייען־קרייזן, איז נייטיק אומצוקערן זיך צו דער וויגעלע זייערער, צו יענער צייט, ווען די פרוי האָט געוווּסט ניט מער, ווי צו זיין אַ ווייב, אַ מוטער, און צו דערפילן אירע געוויינלעכע שטוביקע פליכטן. זי האָט אָפּט נאָר שטאָלצירט מיט איר מאַן, וואָס לייענט אַ צייטונג און גייט צו אַ מיטינג און וויס פון וועלט־פּראָבלעמען. אין דעם האָט זי שוין געפונען איר באַפרידיקונג. צום באַדויערן האָבן זיך געפונען נאָך אויך אַזעלכע פרויען, וואָס האָבן דאָס אויך ניט געקאָנט אָפּשאַצן און האָבן פון זייער זייט געשטערט זייערע מענער צו אינטערעסירן זיך מיט וועלט־פראַגן און אָפּצוגעבן זיך דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. פיל פאַמיליען־קאָנפליקטן זיינען פאָרגעקומען אויף דעם דאָזיקן באָדן.

וויניקע פון אונדזערע פרויען האָבן געהאַט דעמאָלט צייט אַוועקצוגעבן זייערע אָוונטן אויף לייענען און זייערע טעג אויף קולטורעלע טעטיקייטן. אַלע מאָל האָבן זיי געפונען אַ בילכערע אַרבעט. גאַנץ וויניקע פון אונדזערע פרויען האָבן געוווּסט פון אונדזערע קלאַסיקער און האָבן קיין מאָל ניט געלייענט זייערע ווערק. זיי זיינען געווען בכלל ווייט פון יעדן וויסן.

איצט האָבן מיר הונדערטער לייען־קרייזן, מיט דער הילף פון וועלכע עס פאַרשפּרייט זיך טאָג־טעגלעך קולטור און וויסן אין די ברייטע פּרויען־קרייזן. אַ דאַנק דער הילף און פירערשאַפט פון די לייען־קרייזן טרעט איצט די פרוי אַרויס געזעלשאַפטלעך מיט מער וויסן, גלויבן און באַוווסטזיין. די שטים פון אונדזערע פרויען קלינגט איצט שטאַרק אין לאַנד און לאָזט זיך הערן אויך אין דער אינטערנאַציאָנאַלער פרויען־באַוועגונג און לעצטנס אויך אויפן וועלט־קאָנגרעס פון דער פרויען־באַוועגונג אין מאָסקווע, וועלכע האָט פאַרטראָטן מיליאָנען פרויען אין גאָר דער וועלט און געלאָזט הערן זייער מעכטיקן רוף צו שלום, גלייכקייט און גערעכטיקייט.

פרויען קעמפן איצט פאַר שלום אַלס מיטגלידער פון דער שלום־באַוועגונג. זיי נעמען אויך אַן אַקטיוון אָנטייל אין קאַמף פון נעגערישן פאָלק פאַר זיין גלייכבאַרעכטיקונג און פרייהייט, וועלכער האָט מיט זיין אַנטשלאָסנקייט און הערא׳יזם אויפגעברויזט די וועלט.

ניט קוקנדיק אָבער אויף די אַלע געווינסן און דערגרייכונגען, דאַרפן מיר נאָך שווער אַרבעטן, כדי אָפּצוראַמען די שטיינער און דערנער, וואָס די שונאים פון פרייהייט האָבן פאַרשפּרייט אויף אונדזערע וועגן. מיט פאַראייניקטע כוחות וועלן מיר ווייטער מאַרשירן אין די קעמפערישע רייען און גיין פאָרווערטס פון זיג צו זיג.

## וויגליד פאַר אַ נעגער־קינד

שלאָף מיין קינד, מיין טונקל פּנים,
שלאָף געשמאַק, פאַרמאַך די טרויעריקע אויגן.
ווען די הערן קלאַנגען — איז דאָס ניט קיין חלום,
ס'זיינען פרייהייטס-קעמפּער, וואָס זינגען אויף די וועגן.

פון טיפן שלאָף וועסטו פריש דערוואַכן,
מיט פרישע כוחות זיך אָנשליסן אין די רייען,
אַנטשלאָסן, מוטיק דעם שונאָם וואַנט דורכברעכן,
פון יאָרן שווערן יאָך דיין פאָלק באַפרייען.

שלאָף מיין קינד! פון דורתדיקער פּיין און ליידן,
שטיי אויף אַ פרייער פון פיבערדיקער שרעק.
גיי בראַוו און מוטיק אין קאַמף פאַר פרייהייט,
מאַרשיר פאָרויס, קיין טראָט ניט מער צוריק!

פון לינטשערס זאָלסטו מער אין שרעק ניט פאַלן,
אין ברענענדיקן צלם זיך ניט בראָטן אין דעם פלאַם,
ניט בוקן זיך, ווי דיין זיידע, פאַרן האַר,
וואָס מיט זיין בלוט און שווייס האָט ער זיין ערד גענערט.

שלאָף דערווייל, מיין קינד, גאַנץ רויק, דרייסט און שטיל,
דערוואַך אַ פרייער פון הונדערט יאָר פאַרשקלאַפונג.
זאָלסט קאָנען פּייפן פריי, ווי עמיט טיל,
ניט געפּייניקט, אין וואַסער אַריינגעוואָרפן.

## אין לעבן און געראַנגל

שטיי אויף, מיין קינד, ס'וואַרטן דיינע ברידער,
פאַר גלייכע רעכט אַנטשלאָסן גיי אין שלאַכט.
עס קלינגען ווייט די שטאָלצע פרייהייטס-לידער,
דער וועלט-געוויסן ווערט דערוואַכט.

מיט פרישע כוחות איבער שווערע וועגן
וועלן פירן מאַרשן צו שלומדיקע טעג.
מיר, מאַמעס, גייען מיט, מיר קומען אייך אַנטקעגן
ביז מיר וועלן שונאים אָפּראַמען פון וועג.

## עדעמס, דער נעגער־ייִנגל

ס'שפּילן זיך אין סקול־הויף אַלע קינדער.
עדעמס, דער נעגער־ייִנגל, שטייט באַזונדער.
אויף מיין פראַגע: „פאַר וואָס שטייט ער אַליין?"
אַנשטאָט אַן ענטפער, ברעכט ער אויס אין אַ געוויין.

זיין אָטעם איז קורץ, ער זיפצט שווער.
אין זיין טרויעריקן בליק — אַ פערלדיקע טרער.
פאַר שרעק און מורא רעדט ער אַזוי שטיל:
— „זיי ווילן מיך ניט האָבן אין דעם שפּיל!"

„זיי ווילן זיך מיט מיר ניט מישן.
זיי זעצן זיך ביי באַזונדערע טישן
בייזע, שטרענגע אויגן דראָען מיר.
איך מוז אַנטלויפן דורך דער הינטער־טיר".

„די ראַסיסטן קאָנען אונדז ניט פאַרטראָגן,
— מיין ברודער האָבן זיי צום טויט דערשלאָגן.
מיין פאָטער קאָן זיין שטים ניט געבן,
אין געפאַר איז זיין לעבן".

איך טרייסט אים: „ס'קומען נייע צייטן.
די וועלט אַן אויפגעברויזטע האַלט שוין וואַך.
אייער העלדן־קאַמף דערגרייכט שוין ווייטע ווייטן.
מיר קעמפן, מיר מאַרשירן דרייסט מיט אייך".

„דער מאַרשן־טראָט וועט ניט אויפהערן
ביז די וועלט וועט אייער שטים דערהערן,
ביז ס׳דערשרעקט זיך דער סאוטערן־פיינט
פאַר אייער שטאַרקן אויפגעברויזטן היינט״.

* * *

...האַסן מיך שוין אויך די קינדער ווייסע.
זיי געפעלט ניט מיין נאָענטקייט צו אים,
רופן זיי מיך „פּאַרטנער״, שימפן זיי מיין ראַסע
און הייסן מיר גיין אַהין, פון וואַנען כ׳קום.

— „ניטאָ קיין פרעמדע — זאָג איך — דאָ אין לאַנד.
אַלע האָבן מיר דאָ צוגעלייגט אַ האַנט.
צום אָנזאַמלען רייכקייט און פאַרמעגן
האָבן ווייסע, שוואַרצע זייער בלוט און שווייס געגעבן״.

ניט גלייך פאַרשטאַנען האָבן מיך די קינדער,
און געקוקט אויף מיר מיט נייגער און מיט וווּנדער,
זיך צוגעהערט צו מיינע נייע רייד,
געעפנט זייערע קינדער־אויגן ברייט.

* * *

איצט, דער יינגל עדעמס שטייט ניט מער אַליין,
גלייך מיט אַלע קינדער שפּילט ער אין דעם שפּיל.

ער גלידערט זיך אין קאַראַהאָד אַריין אַליין מער,
אין זיינע שוואַרצע אויגן שטראַלט אַ פריידיק טרער.

די צייט פון גרויסן אָנזאָג: דאָס נעגער־פאָלק דערוואַכט,
ער איז ניט מער ווי פריער געפאַלן און פאַרשמאַכט,
שטאָלץ און מוטיק טראָגט ער די פרייהייטס־פאָן פאָרויס,
מיט דער ראַסן־קנעכטשאַפט ווערט שוין ענדלעך אויס.

## עמאַ לאַזאַרוס־קינדערגאָרטן אין תל־אביב

מיט פנימלעך צעשטראַלטע
שטייען קינדער אין דער ריי.
טישן שיין געגרייטע
וואַרטן דאָרט אויף זיי.

שאַ, שטיל אַרום די טישן.
דאָס עסן איז באַטעמט.
די זון שטראַלט דורך די פענצטער,
פילט אָן מיט חן דאָס לאַנד.

עמאָס ליכטיק פנים
שיינט אַראָפּ מיט פרייד:
די פרוכט, וואָס איז געקומען,
וואָס אַ מאָל האָט זי פאַרזייט.

די קינדער אַלע ווייסן
ווער עמאַ איז געווען
און היטן איר צוואה,
טריי דער פרייהייטס־פאָן.

טאַנצן לערער, קינדער
אין לאַנגן קאַראַהאָד
און זינגען ליבע־לידער
פול האָפענונגען און מוט.

יעטאַ האָפמאַן

װען טאָג פאַלט צו צום אָונט,
שוין קינדער מיד פון שפיל,
װאַרטן אויף זיי מאַמעס
מיט טרייקייט און געפיל.

ס'װעט קלינגען עמאַס לאָזונג
איבער גאַנץ ישראל-לאַנד,
אַז פעלקער זאָלן איינס דעם צװייטן
צו שלום אויסשטרעקן די האַנט.

## דער יום־טוב פורים

אין פרילינג־טעג, ווען אַלץ אַרום שוין בליט,
קומט מיט פרישע ווינטן דער יום־טוב פורים אָן,
דערציילט געשיכטעס פון קאַמף און זיג,
פון די יוגנט־יאָרן פון אונדזער נאַציאָן.

פרייען זיך יידן מיט ווונדער די גרויסע,
וואָס זיינען פאַרחתמעט אין דער פורים־מגילה,
מיט אסתרס און מרדכים העראָישע זיגן
און המן דעם רשעס פולער מפּלה.

וואָס המן האָט אָבער געוואָלט די יידן טאָן
האָט היטלער־בעסטיע לאַנג ניט געטראַכט:
פאַרטיליקט פון אונדזער פאָלק זעקס מיליאָן
און פון דער וועלט אַ חורבן געמאַכט.

דער נס איז סוף־סוף דאָך געשען:
געקראָגן האָבן זיי ביידע די מפּלה.
פון דעם זיג איבערן נעכטיקן פיינט
דאַרף מען שרייבן אַ נייע מגילה.

אַ מגילה, וואָס זאָל מאָנען און וועקן
די המנס און היטלערס פאַרדאַמען,
האַלטן וואַך פון דער וועלט דעם געוויסן,
פרייע פעלקער באַהעפטן צוזאַמען.

יעטאַ האָפמאַן

זאָלן גראַגערס ניט אויפהערן קלינגען,
לאָמיר פרײלעך דאָס פּורים־ליד זינגען.
המן האָט געוואָלט אונדזער פאָלק אומברענגען,
אָנשטאָט מרדכיען האָט מען אים אויפגעהאָנגען.

זאָלן אָטעמען מיט פרילינג די וועגן,
פאַראייניקטע פעלקער מאַרשירן.
מיט אסתּרס און מרדכים פאָנען
די מענטשהייט צום ליכטיקן מאָרגן הערפירן.

## יאַנקעלעס חלום

יאַנקעלע אַ בלאָסינקער,
פון שטענדיק ניט דערעסן,
לייגט שלאָפן זיך אָן וועטשערע,
האָפט הונגער צו פאַרגעסן.

דאָס פאַרקלעמטע הערצעלע
לאָזט אים ניט צו רו.
דער הונגער רייסט די אויגן אויף
און מאַכט זיי ווידער צו.

קומט אים אויף אַ חלומל,
דערפרייט אים יענע נאַכט.
דער הונגער איז פאַרגעסן,
ער איז מער ניט פאַרשמאַכט.

ער זעט אַ ברויט אַ פרישעס,
מאַנדלען, ראָזינקעס און ניס,
זיין פנים שיינט אַ פריילעכס,
זיין לעבן ווערט אים זיס.

ער כאַפט מיט ביידע הענטעלעך
אויף שפּעטער האָבן גרייט.
ער וויל שוין איצט ניט עסן מער,
געשטילט האָט ער זיין נויט.

פאַקט ער איין אַ פעקעלע,
מיט עסן זיכער זיין —
קומט די בייזעווירקלעכקייט
פון הונגער און פון פיין.

דאָס וועקט אים זיין מאַמע אויף,
צעשטערט זיין פרייד פון שלאָף.
גלעטנדיק זיין קעפל צאַרט,
זי וועקט אים לאַנגזאַם אויף.

„שטיי אויף, מיין קינד, מיין ליבינקער,
עס איז שוין גרויסער טאָג.
מען וועט דאָך וועלן עסן היינט,
די ציימונג נעם, צעטראָג".

עפנט יאַנקעלע קוים די אויגן אויף,
פאַרוואָלקנט ווערט זיין פנימל,
און זוכט די גוטע זאַכן.
ס'פאַרדריסט אים זיין דערוואַכן.

ער רייסט מיט גוואַלט די אויגן אויף
און ציט זיין קערפער מאַט:
„אָך, אַ וועלט מיט עסן פול
און דאָך בין איך ניט זאַט!"

## יאָסעלעס שבועה

געיאָגט זיך האָט יאָסעלע נאָך כוואַליעס.
זיי האָבן אים ווייט אין ים פאַרשלעפּט,
געלאָזן אין טיפן וואַסער שטעקן,
אַליין צוריק צום ברעג אַוועק.

האָט יאָסעלע געטראַכט, באַשלאָסן —
זיך בעסער שפּילן מיט נאַסן זאַמד,
בויען מויערן און גאַסן,
מאַכן טורעמס אויפן שטראַנד.

אָט כאַפּט ער שוין אַ כוואַליע,
האַלט זי פעסט, ווי אויף אַ שטריק,
קומט אַ צווייטע שטורמיש אָן,
לאַכט און לויפט צוריק.

אין די הייסע זוניקע טעג
האָבן כוואַליעס ליב צו שטיפן,
פאַרפלייצן יאָסעלען דעם וועג,
שטערן זיין קונסט צו שאַפן.

בלייבט יאָסעלע טרויעריק און טראַכט,
צו אַ נייעם פּלאַן זיך דערקלערט:
בויען שלעסער ווייט פון ברעג,
פון כוואַליעס מער ניט געשטערט.

אָט האָט ער שוין אַ שטוב, אַ גאָרטן,
אויף פענצטער אין די הויכע גראָבע ווענט,
און אַרום זיי געבויט האָט ער שטאַכעטן,
אַלץ מיט אייגענע פאַרשמירטע הענט.

מיט פרייד שפרייט ער די הענטלעך אויס,
צו פאַרהיטן זיין פאַרמעגן פון געפאַר —
פּלוצלונג צעטרעט אַ שלעכטער פרעמדער פוס
זיין פרייד, מיט איין נאָר בלויזן שאַר...

מיט געביילטע פויסטלעך שטייט יאָסעלע דערצאָרנט.
ער וועט עלטער, גרעסער ווערן — זאָגט ער —
וועט ער נקמה נעמען פון אַלע שלעכטע מענטשן,
דעם קינדער־שפּילן זאָלן זיי מער ניט שטערן.

## ערב קריסטמעס־חגא אין די קראָמען

פיל יאָגעניש און שטופעניש, לויפנדיקע טרעפּ,
עלעווייטאָרס, עסקעלייטאָרס, ס׳ווערט רוישיק אין די קעפּ.
דורכן אָפענעם געדריי פון טירן
בלאַנקען אַלערליי קאָלירן.

פון דער סטעליע ביז די דילן
פינקלען סחורות אָנגעוואָרפן.
ברייט צעהאָנגען און צעוויקלט
וואָלנס, זיידנס, סאַמעט־שטאָפן.

אַרום פּאָליצעס און טישן
מענטשן שטויסן זיך און מישן.
אויך פאַרשטעלטע היטער
דרייען זיך דאָ צווישן.

אויף דער וואַך, ווי געטרייע סאָלדאַטן ,
היטן זיי שטרענג די מיליאָנערישע פּראָפיטן.
ווען אַן אָרעם קינד אַ צאַצקע רירט אָן,
שטייט שוין זיין קריסטמעס יום־טוב אין קאָן.

אין גרויסן טומל און גערודער,
טרעפט אין מענטשן־ים אַ שאָדן.
אַ מאַמע וויינט: איר קינד פאַרלאָרן,

אַ צווייטע שטאַרק מיט פעק באַלאָדן
האָט איר בייטל אָנגעוואָרן.

עס גייט היינט כּאָדאָראָם דאָס לאַנד.
בלויז פאַר איין טאָג קריסטמעס-שטאַנד.
און דאָס געלט האַלט אין איין שטראָמען
צו די האַרן פון מיליאָנען.

## דער מאַרש קיין וואַשינגטאָן, אויגוסט 1963

אַ שטורעם-כוואַליע האָט ארומגענומען
דעם גאַנצן וואַשינגטאָנער האָריזאָנט.
אַ מבול מענטשן ציט זיך
צום לינקאָלן געדענק-מאָנומענט.

פון הונדערט יאָר זיין גענאַרט
האָט אַ פאָלק זיך שטורמיש דערוואַכט.
געקומען איז די לאַנג געגאַרטע צייט
פאַר באַוואוסטע פון נאָענט און פון ווייט
— צו זאָגן זייער וואָרט.

ניט מיט קיין האַרמאַטן זיינען זיי אין שלאַכט געקומען,
ניט בלוט פאַרגיסן, דעם שונא צו באַשיסן,
געקומען נאָר אַן אַלטן חוב אויפמאָנען,
דעם וועלט-געוויסן דערוועקן און דערמאָנען.

געקומען זיינען זיי צו רופן און צו וועקן
די שאַנד פון אונדזער לאַנד פאַראייניקט אָפּצומעקן:
„מיר ווילן פרייהייט, רעכט צו שטימען!
פאַר אונדזער היים קעמפן און דעם קאַמף געווינען!"

פון אַלע זייטן אַ געזאַנג, פלאַקאַטן בלאַנקען
מיט גרויסע אותיות אין די שורות.

דער טאָג וועט בלייבן צו געדענקען
פאַר שוואַרצע, ווייסע קומענדיקע דורות.

לויטער, האַרציק קלינגט
לוטער קינגס צערטלעכע שטים:
„איך האָב אַ דרים, מיר וועלן זיגן,
ווייל מיר וועלן מער ניט שווייגן".

„איך האָב אַ דרים, אַז פרייהייט וועט אויפבליען
פאַר אונדזערע קינדער, וואָס וועלן קומען.
זיי וועלן שניידן מיט געזאַנג,
וואָס מיר טוען איצט מיט בלוט פאַרזייען".

מאַרש נאָך מאַרש מיט אויפגעהויבענע הענט.
האַרמאָניש קלינגען טויזנטער פון שטימען:
פרייהייט! מיר ווילן איצט, מיר ווילן היינט,
מיר האַלטן נאָך אין קומען.

1963

## האַרבסט און פרילינג

דער בוים ביי מיין טיר
שטייט באַטריבט און געבויגן.
ער גיט זיך קיין ריר
זינט ס'זיינען די פייגלעך צעפלויגן.

אַנטלאָפן פון ווינטער-קעלטן,
וואָס ברענגען הונגער און נויט,
געפלויגן אין ווייטע לענדער,
ווו פרילינג אייביק באַשטייט.

געלאָזט דעם בוים, די נעסט
הפקר אויפן שטורעם.
ס'וועלקט דער בוים, זיין לעבן פוסט,
ער וויינט מיט בלויע טרערן.

דאַן ווילט זיך, בוים, דיך טרייסטן,
אויף ווינטער דיך פאַרוויגן
און היטן דיינע פויגל-נעסטן
און זינגען דיר אַ ניגון:

ווען פרילינגס-צווייטן וועלן זיך צעבליען,
די זון וועט אויפגיין, ווי אין פלאַמען, —
וועלן פויגל מיטן פרילינג-ווינטל קומען,
ווי קינדער צו אַ מאַמען.

ווי ניי געבויהן, אָפּגעפרישט פון רעגן,
וועלן זיך צעשפרייטן ווידער גרינע צווייגן.
בוים מיט פרייד וועט זיך צעוויגן
צום ריטעם פון פויגלשע געזאַנגען.

פון די נעסטן וועט אַ פּישטשען זיך דערהערן,
נייע לעבנס וועלן דאַן זיך מערן.
מאַמע־פויגל וועט ווידער נעמען זאָרגן
אירע קינדער צו דערנערן.

איצט מיין בוים ביים טיר
שטייט ניט מער געבויגן,
צוזאַמען אין אַ כאָר
קלינגט ווייט דער פרילינגס־ניגון.

פון ווייטן ברענגען פייגלעך אונדז גרוסן,
וואָס געזען, וואָס זיי געפעלט.
אַ רוף צו אונדז פון פעלקער־מאַסן,
פאַר אַ פרייער שלום־וועלט.

## יוסעמיטי װעלי

אַ טיף בלויער הימל, צװישן בערג און טאָלן —
צעװאָרפענע װעלדער, געשלענגלטע װעגן,
באַלויכטן פון זוניקע גליענדע שטראַלן
פון פאַרכישופטער לאַנדשאַפט. זיי בלענדן די אויגן.

צװישן זון און באַרג אין די קלאָרע פאַרנאַכטן
שאַפט זיך אַ הימלשע שפּיל פון קאָלירן.
זילבער־קרוינען אויף בערג־קעפּ באַלויכטן
פון בלאַסער לבנה און פינקלענדע שטערן.

אַרויף צו די הויכן, צו די גיגאַנטישע בערג אַרום,
װי דורך קייטן באַהעפט איז גלייזער פּוינט,
װאָס פליסט מיט פייער װאַסער־שטראָם —
מיט מוזיק געקלאַנגען פיבערט דער גאַנצער האָריזאָנט.

די געקרוינטע משפּחהדיקע בערג „דריי ברידער"
גרויסן זיך מיט זייער יחוס זייער שטאַרק.
שטאָלץ איז באַרג „עף־דאם", װאָס שטייגט זיי אַריבער,
װי אַ ריז האַלט ער דעם הימל אויף זיין קאַרק.

דער באַרג „על קאַפּיטאַן" פילט זיך שוין שװאַך.
קעגן זיינע מיסטערישע שכנים װערט ער פאַרשטעלט.
עס איז אים באַפוילן צו שטיין אויף דער װאַך,
היטן זייער ריזיקע שטיינערנע װעלט.

די שלאַנקע ביימער מיט די גאָלדענע שפּיצן
דערגרייכן דעם הימל מיט זייער הויך.
גראַציעז אויסגעצויגן, קעפּ שטאָלץ פאַרריסן,
זיי פאַרמעסטן זיך מיטן באַרגיקן כוח.

האַרט ביי די וועגן די קלאָרע וואַסערן מאַקסעד ריווער
מיט שטורעם די כוואַליעס זיי יאָגן,
שפּרודלען אָן אָפּשטעל, ווי געשטויסן פון רודער,
ווילן וואָס גיכער צום ים זיך דערטראָגן.

„מירא־לייק", דער צאַרט־גלאַטיקער קוואַל,
שטייט פאַרחלומט, אין בענקשאַפט פאַרהילט,
האַלט איין דעם אָטעם און פליסט אַזוי שטיל,
שטראַלט אויף ווי אַ שפּיגל־געשטאַלט.

אַרום זיגזאַגיקע שטעגן צווישן ביימער און וואַלד
באַגעגנט מיט לידער אַ פויגל דיך באַלד.
דו מאַכסט אין פרימאָרגן אַ שפּאַציר אין די בערג,
מיט אַ פריינטלעכן בליק באַגריסט דיך אַ בער.

אַ הירשעלע לעקט אויס די שפּייז פון דיין האַנט,
אַ קראָקאָדיל, אָן מורא, ווערט מיט דיר פריינט.
דאָס שטיבל מיט סאָסנע־צווייגן באַדעקט,
אין דער שטילקייט פון נאַכט אַ בענקשאַפט דערוועקט.

יאָסעמיטי װעלי, אַ װעלט פֿון חלום און װאָר.
פֿון צויבער און פּראַכט קאָן דאָס אויג זאַט ניט װערן.
דער צעשייד פֿון דעם כּישוף־לאַנד װערט פּיינלעך און שװער.
מיט אַלץ זיך באַהעפֿטן זיינען מיינע הייסע באַגערן.

און עס דערװעקן זיך פֿאַרלאַנגען צום לעבן
בעת דו האָסט שוין, דאַכט זיך, אַלץ אויפֿגעגעבן.

# געמיט־שטימונגביים ים

צווישן הימל און ים און זון־אונטערגאַנג
שאַפט זיך אַ סימפאָניע פון קאָלירן.
פון כוואַליעס הערט זיך אַ ברומען־געזאַנג,
מיט ריטעם צום ים זיי שפּאַצירן.

פּלוצלונג — אַ כוואַליע איז אַריין ווי אין קריג,
זי רייסט זיך מיט שטורעם צום ברעג,
שפּריצט צאָרנדיק, די ים־רו צעשטערט
און לאָזט זיך לאַנגזאַם צוריק אין איר וועג.

די ברויזנדע כוואַליעס דערמאָנען,
זיי פירן מיך צו מיין יוגנט צוריק:
אַ קייט פון אַ לעבן אין צוימען,
פון שטיינער און דערנער אין וועג.

אַזוי יאָגט זיך כוואַליע נאָך כוואַליע
אָן אָפּשטעל, ניט ווערנדיק מיד,
זיי יאָגן דאָ איינע די צווייטע
און רייצן מיין שווערן געמיט.

מיר דאַכט, אַז זיי ברומען מיט צאָרן
פאַר מיינע באַגאַנגענע זינד,
— זינד פאַר מיין ווערן געבאָרן,
פאַר אַ לעבן פול צער און ווונד.

## אין לעבן און גערא̇נגל

ווי גערן כ׳וואָלט מיט אייך, כוואַליעס, שווימען
אָן אָפּהאַלט צום צווייטן ברעג ים!
פֿילייכט דאָרט אָן אָפּרו געפֿינען?
פֿילייכט נאָך אַ טרייסט דאָרט פֿאַראַן?

כ׳וואָלט זיך קלאַמערן אין געזונקענע שיפֿן,
פֿון שטורעם צעשטערטע געוואָרן
און ס׳זאָלן פֿון מיין האַרצן דעם טיפֿן
אַרויפֿשווימען מיינע פֿאַרזונקענע יאָרן.

טראָגט זשע מיך, כוואַליעס, צום ים־מוטער שוים.
איך וועל זיך דעם ים איבערגעבן.
ס׳זאָל שוין מיט מיר ווערן אוים,
די ליידן באַצאָלט ניט דאָס לעבן...

# אַ גרוס און ברכה דעם סאָוועטן־לאַנד

אַ גרוס דיר, העראָיש סאָוועטן־לאַנד!
אַ גרוס דאָרט מײַנע שוועסטער און ברידער,
געבענטשט זאָל זײַן דײַן שטאַרקע האַנט,
וואָס זייט און בויט שוין ווידער...

אויסגעוואָרצלט האָסטו האַס פון דורות,
און ווײַזסט דער וועלט דעם וועג גאַנץ קלאָר.
דורך ליבע, גלויבן פון אַלע פעלקער
האָסטו דערגרייכט דײַנע דרײַסיק יאָר.

האָסט אָפּגערייניקט די לופט פון פײַנט,
וואָס האָבן געלויערט איבער דיר פאַרבאָרגן.
האָסט געגעבן האָפענונג און מוט פאַרן הײַנט,
געזיכערט דאָס מענטשלעכע גליק פאַרן מאָרגן.

טאָ זײַ געבענטשט, סאָוועטן־לאַנד,
אויף אַלע דײַנע וועגן.
עס וועלן דײַנע פרײַנט
היטן דײַן פאַרמעגן.

יעטאַ האָפֿמאַן

## צום 33סטן יובילײ פֿון ראַטנפֿאַרבאַנד

אַ האַרציקן גרוס דיר,
גרויסער סאָוועטן־פֿאַרבאַנד!
פֿון טויזנטער מײַלן ווײַט
שטרעק איך אויס דיר מײַן האַנט.

אויף אייביק און אייביק
ביסטו אַלץ נאָך מײַן לאַנד,
ווײַל דאָרט, ווו גערעכטיקייט —
גײ איך בײַנאַנד.

אין מאָמענט, ווען עס לויערט געפֿאַר,
איז מײַן האַרץ אין גרויליקע שרעקן
פֿאַר דײַנע בלוטיקע שונאים אַרום,
וואָס ווילן דײַן גרויסקייט אָפּמעקן.

שונאים, וואָס ווילן באַהערשן די וועלט
און אַלץ פֿאַרכאַפּן דורך קריג,
וואַרפֿט זײ אין היץ און אין קעלט,
ווײַל דו שטײסט זײ אין וועג.

עס שרעקט זײ דײַן מעכטיקער וווּקס,
דײַן דערגרײכונג אויף אַלע געביטן.
עס שרעקט זײ די ליבע צו דיר.
זײ זײַנען גרײט דיך, ווי וועלף, צו פֿאַרצוקן.

אָבער עס גלייבן און האָפן מיליאָנען,
אַז דו וועסט נאָך מעכטיקער ווערן,
עס וועט קעמפן און זיגן און לייכטן
דיין רויטער, פינפקאַנטיקער שטערן!

בין איך שטאָלץ מיט דיר, סאָוועטן־לאַנד,
מיט דיין שטאַרקן אַנטשלאָסענעם ווילן
פירסטו דורך מיט אַ חברשער האַנט
דיינע דערהויבענע מענטשלעכע צילן.

ווער ס׳האַסט דיך, סאָוועטן־פאַרבאַנד,
דער האַסט, דער האָט פיינט זיך אַליין,
דער מאַכט זיין לעבן צו שאַנד,
דער קאָן ניט דעם אמת פאַרשטיין.

באַגרים איך דיינע 33 יאָר
און ווינטש דיר נאָך יאָרן אַ סך.
מיר זיינען דיינע ברידער צום קאַמף,
מיר וועלן מונטער שטיין אויף דער וואַך!

## צו דיינע 39 יאָר, טייערע „מאָרגן פרייהייט"

אַ האַרציקן גרוס דיינע אומאונטערבראָכענע 39 יאָר!
אַ שווערן מהלך האָסטו דורכגעמאַכט ביז היינט
צו פאַרוואַנדלען אונדזער טרוים אין אַ לעבנס־וואָר.
פיל פייערן און וואַסערן האָסטו איבערגעשפאַנט.

39 יאָר האָסטו געריייניקט די לופט פון פיינט,
געשטאַנען מיט שונאים אין קאַמף טאָג איין טאָג אויס.
זאָלן געבענטשט ווערן פון דיינע שאַפער די הענט,
דיין עקשנותדיקער באַשלוס צו גיין פאָרויס.

ס'טראָגט זיך דרייסט דיין רוף צו יושר און צו פרידן,
צו אַלע פעלקער, ראַסן אָן קיין אונטערשידן.
האָסט 39 יאָר געטראָגן דעם יאָך דעם שווערן,
איצט וועט קיינער מער ניט וואָגן דיר צו שטערן.

39 יאָר האָסטו אונדז אָנגעהויכט מיט קאַמף פאַר אַ בעסער לעבן,
מיט דיין וואָרט פון אמת און שטרעבונג צו קולטור.
דורך דיינע שפאַלטן האָסטו אונדז געוועקט און האָפענונג געגעבן,
דורך דיינע לייענערס צוטרוי און ליבע דערגרייכסטו 39 יאָר.

נאָך די 39 יאָר וועלן נאָך קומען יאָרן אַ סך.
נייע ווינטן וועלן אָפּראַמען שטיינער פון די וועגן.
מיר, דיינע בויער־פריינט, וועלן האַלטן וואַך
און היטן דיך, אונדזער טייערער פאַרמעגן!

# צום יידישן קולטור־קלוב אין עלסינאר

אין ליכטיקן אָנדענק פון מײַן אומפאַרגעסלעכן זון יאַנקעלע (דזשיי האָפמאַן) באַגריס איך דעם יידישן קולטור־קלוב אין עלסינאַר, ווו מיין זון איז געווען דער ערשטער יידישער לערער ביי איך אין היי־סקול און איז ביי אַלעמען געווען שטאַרק באַליבט.

טיף אין זיין יונגער נשמה האָט ער געליטן פאַר זיין פאָלק און פאַר אַלע אונטערדריקטע און האָט אין דער שטיל געשטיצט דעם קאַמף פאַר מענטשלעכע רעכט.

אַ יישר־כוח אייך, פירער און טוער, פאַר אייער אומדערמידלעכער אַרבעט אויפן קולטורעלן געביט און פאַר דעם שיינעם בניין, ווו עס ווערט פאַרשפרייט דאָס קולטורעלע יידישע וואָרט.

איך ווינטש אייך דערפאָלג. זעצט פאַר אייער גוטע אַרבעט ביז אַ בעסערער, שלומדיקער וועלט.

## יעטאַ האָפמאַן

# צו עממאַ לאַזאַרוס אָנדענק

דיין גרויס מענטשלעכע האַרץ האָט געליטן
פאַר פעלקער, וואָס זוערן געדריקט.
מיט דיין דיכטערישער פען האָסט געליטענע פאַרטראָטן,
מיט דיין מעכטיקן רוף געמאָנט און געוועקט.

דיין נאָמען איז פאַראייביקט און טייער,
ער שליסט טויזנטער פרויען צוזאַמען.
דיין לאָזונג פירט זיי ווייטער אין קאַמף.
זיי טראָגן ווייטער דיין הייליקן פייער.

אויף דעם קליינעם אינדזל, די פרייהייט-סטאַטוע
שטרעקט אויס אירע אָרעמס צו אַרבעטער-מאַסן,
איז אין בראָנדזענעם טאָוול דיין ליד — די צוואה
פאַר דורות אין איר מעכטיקן גוף איינגעשלאָסן.

דאָרט קלינגט דיין קול ווי אַ שטורמישער עכאָ:
„דערלאָזט ניט מיין לאַנד צו פאַרברעכן און עוולות.
שונאים ווילן שמידן די פרייהייט אין קייטן,
דאָס שטראַליקע ליכט אויף אַ חושך פאַרבייטן!”

מיט דיין מענטשלעכן רוף צו מענטשלעכע אויערן,
האָסטו געוועקט פון דער וועלט דעם געוויסן:
„עפנט די גרענעצן פון לענדער און טויערן
פאַר די פאַרפאָלגטע עמיגראַנטישע מאַסן”!

פרייהייט-סטאַטוע מיטן פאַקעל אין האַנט אויסגעצויגן
באַגריסט עמיגראַנטן מיט אירע מילדע אויגן.
דו האָסט מיט מוטיקן שטאָלץ ווי באַפוילן,
דער אַלטער וועלט דיין רוף אויסגעשריגן:

„אָ, איר יחוסדיקע שטאָלצע לענדער!
וואָס האַלט איר אייערע קעפּ פאַררימן?
רייסט אַראָפּ אייערע פרייהייטס-בענדער
און זאָל די וועלט דעם ריינעם אמת וויסן".

„איר גיט מיר בעסער אייערע מיט בלוט פאַרלאָפענע,
דעם הילפלאָזן פון אייער איבערגעפילטן ברעג,
די טולענדיקע מאַסן, פון שטורעם געטראָפענע,
כ'וועל מיט מיין פאַקעל זיי באַלייכטן דעם וועג".

ס'וועלן אייביק לעבן דיינע אומשטערבלעכע ווערטער,
וואָס האָבן כשר געוווּנען דעם נאָבעל-פרייז.
מיר שניידן מיט פרייד דאָס וואָס דו האָסט פאַרזייט.
מיר מאַרשירן מיט דיין גייסט, מיט דיין לאָזונג פאָרויס.

## אַ באַגריסונג און אָפּשאַצונג פאר דער ליבער חברטע
## לינאַ האַלפּערט
## צו איר 65סטן געבוירן־טאָג

אונדזער לינאַ האָט אירע 65 יאָר ערלעך פאַרדינט. זינט איר יוגנט און ביז היינט צו טאָג שטייט זי אויף דער וואַך פון געזעלשאַפט־לעכער אַרבעט ווי אַ טרייער סאָלדאַט פון דער פּראָגרעסיווער באַוועגונג. זי האָט אירע גרויסע פאַרדינסטן סיי אויפן קולטורעלן און סיי אויפן אַלגעמיין געזעלשאַפטלעכן געביט.

לינאַ האָט שטענדיק האַרציק געזאָרגט פאַר אַלע נויטבאַדערפטיקע און זי איז געווען די ערשטע אין די רייען מיט איר אייגענעם בייטראָג און מיט איר אָרגאַניזירטער הילף. איר יוגנטלעכער גייסט און איר זיסער שמייכלדיקער פּנים האָבן אונטערגעהאַלטן איר יוגנט און געגעבן איר מוט און ענערגיע אויסצופירן איר גוטע אַרבעט.

לינאַס וועגן זיינען ניט געווען אויסגעשפּרייט מיט רויזן. אַ שווערן לעבן האָט זי דורכגעמאַכט. זי האָט געשפּרייזט איבער דערנער און שטיינער, זי האָט געשפּאַנט איבער אַלע שטרויכלונגען, וואָס דאָס לעבן האָט אויסגעלייגט אויף איר וועג. אַ דאַנק איר מילדן און גע־העריקן צוגאַנג צו מענטשן און פּראָבלעמען און אַ דאַנק איר שטאַרקן ווילן האָט זי מיט מוט און אַמביציע פאָרגעזעצט איר גוטע פרוכטבאַרע אַרבעט ביז צום היינטיקן טאָג. עס האָט זי אין איר טאָג־טעגלעכער פּראַקטישער אַרבעט קיין מאָל ניט אָפּגעהאַלטן קיין רעגן און סמאַג אָדער וועלכע ניט אַנדערע שוועריקייטן. זי איז שטענדיק געווען אויפן פּלאַץ אין דער רעכטער און ניטיקער צייט און איז אַלע מאָל געווען גרייט אויסצופירן יעדע שווערע אַרבעט.

מיר האָבן אַלע ליב די חברטע לינאַ, מיר זיינען שטאָלץ צו האָבן זי מיט אונדז אין דעם עממאַ לאַזאַרוס בעווערלי־קלוב און מיר ווילן זי האָבן נאָך פיל גוטע און פרוכטבאַרע יאָרן אויף איר אַמט אַלס וויס־פּרעזידענטין פון קלוב. זי איז פאַרטרעטן אין אַלע קאָמיטעטן. זי איז די ערשטע, וואָס נעמט אויף זיך צו באַזוכן קראַנקע. זי פאַרטרעט אונדז אין די שולן, אין „איקוף", אין עממאַ לאַזאַרוס שטאָט־קאָמיטעט און נאָך אין אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. זי לייגט צו איר האַנט, ווו עס איז נייטיק, אין וויכטיקע אונטערנעמונגען און אין פּראַקטישער טאָג־טעגלעכער אַר־בעט. זי קומט די ערשטע גאַנץ פרי אין צענטער, טוט אָן דעם פאַרטעך און שטייט אין קיך כדי צוצוגרייטן די לאַנטשן מיט טרייער, עכט מאַ־מישער זאָרג.

ווערט אַ חבר קראַנק, לאָזט אים לינאַ ניט בלייבן איינזאַם. אירע האַרציקע טרייסט־ווערטער און וווּנטש־בריוו דערמוטיקן אים און פאַר־לייכטערן זיין צושטאַנד.

עס קומט אויך אַ גרויסע אָנערקענונג איר לעבנס־חבר, וועלכער גיט איר אַ סך קאָאָפּעראַציע און מאַכט איר מעגלעך פאַרצוזעצן ניט געשטערט איר אַרבעט. זייער הויז איז שטענדיק גרייט פאַר אַלע מעג־לעכע געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען.

אַלס סעקרעטאַרין פון עממאַ לאַזאַרוס בעווערלי־קלוב האָב איך דעם כבוד איינצולאַדן אַלע אירע פריינט צו דער פייערונג פון לינאַס 65 יאָריקן געבוירן־טאָג ביי די חברים האַלפּערטס אין דעם קולישער־הויז.

לאָמיר איר אַלע ווינטשן לאַנגע גוטע יאָרן פון געזונט און פּראָ־דוקטיווער אַרבעט, יאָרן, אין וועלכע דער טאָג־טעגלעכער געראַנגל וועט אַוועקגיין און עס וועלן אָנקומען פריידיקע צייטן פון גייסטיקע דערגרייכונגען אויף אַלע געביטן פון געזעלשאַפטלעכן און קולטורעלן לעבן.

יעטאַ האָפמאַן

## אַ באַגריסונג די טייערע לאַנדסלייט
## חבר און חברטע גרין צו זייער 23טן יובילײ

אַ יום-טוב פאַלט אויס היינט אין פרילינג,
אין נאָך אין גינגאָלד פרישן חודש מאַי.
אַ געשאַנק פון דער נאַטור דעם צווילינג,
די שבועה פון דער זון צו דער ערד — זיין טריי.

די שבועה פון לעבן ווערט נאָך געטרייער,
ווען צוויי הערצער פאַרשמעלצן זיך צוזאַמען
ביים ערשטן בליאַסק פון זוניקן פייער.

דאָס זיינען די גליקלעכע פּאָר —
די חברים גרין, וואָס האָבן אַ שבועה געגעבן
צו געדענקען דעם פרילינגס-טאָג פון יאָר
צו זייער לאַנגיאָריקן צוזאַמענדיקן לעבן.

איז דאָס טאָג-טעגלעכע געגאַנגען זיין גאַנג
מיט קאַמף און זיג, מיט געראַנגל פון לעבן.
זייער שבועה טוט זיי ניט באַנג,
דער פרילינגס-אָטעם קומט זיי אַנטקעגן.

עס בלאָזן מילדע, וואַרעמע ווינטן,
וואָס קומען שטענדיק מיטן פרילינג אָן.
אַראָמאַטישע ריחות, העלע האָריזאָנטן.
דאָן איז געבוירן זייער געראָטענער זון.

# אין לעבן און געראַנגל

אַ פרילינגס-קינד, וואָס וואַקסט און בליט,
דערהייבט געמיט פון טאַטן-מאַמען
און שפּאַנט פאָרויס מיטן שטראַל פון טאָג
אין קאַמף פאַר אַ שענערער וועלט מיט זיי צוזאַמען.

מיר, זייערע פריינט, העלפן זיי געדענקען
זייער יובילײ, וואָס אָטעמט מיט פרילינג-בלומען.
אין אַזאַ מאָמענט הייבט זיך אָן צו בענקען
נאָך אַ יום-טוב, נאָך אַ פרילינג, וואָס זאָל קומען.

זיינען מיר געקומען היינט האַרציק זיי באַגריסן,
זיי אָפּגעבן כבוד, ווי זיי קומט.
מיט זיי צוזאַמען פון דעם יום-טוב אויך געניסן,
זיי ווינטשן אַ לאַנגן לעבן, גליק און גוט געזונט.

יעטאַ האָפמאַן

##ביים פרישן קבר פון דער שרייבערין שפרה ווייס

ווי שווער ס׳איז זיך געזעגענען מיט דיר.
ווי עס דריקט אין האַרץ דער פיין!
אויף אייביק פאַרהאַקט פאַר דיר די טיר,
ביסט מער ניטאָ און וועסט קיין מאָל ניט זיין.

האָסט ניט געטראַכט, זיך ניט געריכט,
אַז דיין סוף וועט גיך אַזוי שוין קומען.
האָסט ערשט פאַרמאָסטן זיך אויף שעפערישע יאָרן,
פאַר דער צוקונפט געשפרייט פאַר זיך בלומען.

האָסט אַלץ מיט אַלעמען געטיילט,
מיט אַלעמען געוויינט און זיך געפרייט.
האָסט פאַר זיך שיינע חלומות געשפונען,
האָסט פאַרלאָרן און ווידער געפונען.

דיין לעבן האָט שטאַרק אין דיר געברויזט.
שטייגן העכער איז געווען דיין פאַרלאַנג.
האָסט ניט געטראַכט, ניט געוווּסט,
אַז דו גייסט שוין דיין לעצטן גאַנג.

צוליב דיין שטאַרקער ליבע צום לעבן
האָסטו טיף באַהאַלטן אַלע דיינע זאָרגן;
אַלע קריוודעס האָסטו שטיל פאַרגעבן,
דיינע לידער געווידמעט דעם מאָרגן.

## אין לעבן און גערעַנגל

ווי ס׳האָט דיר דיין האַרץ געזאָגט,
אַז ס׳ווערט קירצער און קנאַפּער דיין לעבן!
דו האָסט זיך דעריבער געיאָגט
צו געניסן גייסטיק פון שטרעבן.

האָסט דיין לעבן איינגעשטעלט
נאָך אַ מאָל צו זען די וועלט.
וועלט־פּראָבלעמען, נייע לידער שרייבן —
און פּלוצלונג אָפּגעשטעלט דיין לעבן.

שטיי איך איצט ביי דיין קבר געבויגן,
ס׳האַרץ פאַרקלעמט, די אויגן אין טרערן;
איך וועל טראָגן דיין הייליקן אָנדענק,
ווי אַ פאָן, ווי אַ ליכטיקן שטערן.

## די אַנטוישונג

פיל יאָרן, אַ לעבן פאַרגאַנגען,
שוין מער ניט געפילט, ניט געגאַרט.
ביסט געקומען, דערוועקט די פאַרלאַנגען,
מיר ליכט אין מיין לעבן געבראַכט.

דאָס ליכט האָט מיר האָפענונג געגעבן,
די טעג מיינע העלער געמאַכט.
מיין אומעט און בענקשאַפט פאַרטריבן,
אַ קוואַל פריידיקער ליבע געבראַכט.

ניט ווייט איז מיין חלום דערגאַנגען,
אַ קאַלטער ווינט האָט פון טרוים מיך דערוואַכט,
ווען דו האָסט אויסגעלאַכט מיינע פאַרלאַנגען
און האָסט מיך אומגלויבלעך גענאַרט.

עס טוט אַזוי באַנג, אַזוי וויי,
ווען מען נעמט אַ חשבון זיך געבן.
צו גרויס דער פרייז פאַר דאָס ביסעלע גליק,
פאַר די קנאַפע מינוטן פון לעבן.

כאַפּן צוריק איז שוין סיי ווי סיי שפּעט,
ניטאָ מיר שוין וואָס צו פאַרלירן.
עס בלייבט נאָר — פאַרטעמפּן ס׳געמיט,
ניט פּרוּוון מער פילן און קלערן.

יעטאַ האָפמאַן

שטום שווייגן, ניט מאָנען, ניט פרעגן
פון פאַרגאַנגענעם מינוטיקן גליק,
און אַוועקגיין אויף יענע וועגן,
וואָס פירן שוין מער ניט צוריק.

## אַזעלכן ווי דו...

אַזעלכן ווי דו
האָט מיין דמיון געמאָלט.
מיט בענקשאַפט געוואַרט,
מיט מיין יוגנט באַצאָלט.

צוליב שטענדיקע פליכטן
זיך אין גאַנצן פאַרזען.
געלעבט פאַרן צווייטן —
דאָס איז מיין באַלוינונג געווען.

זיינען די יאָרן געלאָפן,
אויך מיין יוגנט מיט זיי.
שוין צו שפּעט איז צו האָפן.
עס טוט שטאַרק אַזוי וויי.

בלומען האָבן דעם וועג ניט באַגלייט מיר,
ווען איך האָב מיך אין לעבן געלאָזט.
געברענט אין האַרצן אַ גרויסער באַגער —
אין אַזעלכן ווי דו געפונען מיין טרייסט...

פלאַמט ביז היינט נאָך אַ פונק אין מיין זעל,
נאָך אַליץ אין מיר גליט
נאָך אַזעלכן ווי דו,
צו דיר ציט זיך מיין ליד.

שטענדיק בלייבסט אָפן מיין טיר,
פון באַגינען ביז שפּעט אין דער נאַכט,
ניט שלאָפן, נאָר טרוימען: וועסט קומען צו מיר,
ווייל מיינע טרוימען האָסטו זיכער דערהערט.

וועל איך מיט פאַרהוילענעם שווייגן נאָך וואַרטן,
מיינע אילוזיעס קיין מאָל ניט אויפגעבן.
אין דער שטיל וועגן דיר ווייטער טראַכטן
ביז סטייען וועט מיר נאָך דאָס לעבן.

אַזעלכן, ווי דו ביסט געווען,
וועל איך שטענדיק אַלץ האָבן אין זינען
און, אויב שוין ניט מער אין דער וואָר,
וועל איך דיך אין די ביכער געפינען.

# לידער פון אַ פרוי און מוטער

חשובע פריינדין יעטאַ האָפמאַן!

אין די שאַפונגען פון אַ דיכטער ווייזן זיך אַרויס בולטער און קלאָרער זיין פנים, זיין גלויבן און זיינע טענדענצן, איידער ביים פּראָזאַיקער. זיין אָפּעראַטיווער פעלד איז מער באַגרענעצט. דערפאַר מוז ער ווירקן אינטענסיווער און שנעלער מיט זיינע איבערלעבונגען און אימאַזשן, דערפאַר מוז זיין שפּראַך זיין ליידנשאַפטלעכער און שלאָגעוודיקער. דערפאַר נעמט זיך דער דיכטער אויך מער פרייהייט, איידער דער פּראָזע־שרייבער. צוליב דעם פּרעראָגאַטיוו ווערט טייל מאָל אַ ביכל לידער מיט אַ פּערזענלעך באַאיינפלוסטן אינהאַלט — אַ מענטשלעכער דאָקומענט.

פאַר אונדז ליגט אַ פרויען־לעבן אויסגעדריקט אין זיין גאַנצער שווערקייט, אָפט אין זיין האָפענונגסלאָזיקייט, אין דעם גרויסן איבער־געלעבטן ווייטיק, אין דעם פרווו אָנצוהאַלטן זיך אָן אַ שטיין — און געפינען דעם ווייטערדיקן וועג צום גאַנג.

יעטאַ האָפמאַן האָט פאַרזוכט פון דעם לעבנס שווערסטע ליידן, און דער פאַקט, וואָס מיליאָנען אַנדערע מאַמעס האָבן דורכגעלעבט דאָס אייגענע, מאַכט ניט גרינגער אירע ליידן. זי האָט זיך אָבער אַרויס־געראַטעוועט פון דעם באַרג חורבות, און אַלס מענטש מיט געזעל־שאַפטלעכע אינספּיראַציעס און פליכטן האָט זי זיך גענומען אַריינקוקן אין די לעבנס פון אירע מיטמענטשן. זי איז אַוועק אין אַ לאַנד פון מקויים געוואָרענע נאַציאָנאַלע חלומות, אין ישראל, דערזען דאָרטן אַ ניי, זעלב־שטענדיק לעבן און געגעבן אַן אויסדרוק אירע געדאַנקען, געפילן און האָפענונגען אין לידער.

## יעטאַ האָפמאַן

זי האָט טיף דערשפירט אויך דעם גורל פון אַ צווייטן אונטער־דריקטן פאָלק, דעם נעגער־פאָלק, ווי עס ווייזט איר וויגליד, געווידמעט אַ נעגער־קינד, און איר צאָרן־ליד וועגן עמעס טילל.

צו אַ דיכטעריך, וועלכע שטעלט די ערשטע טריט אויפן געביט פון אַ בוך, דאַרף די געזעלשאַפטלעכקייט באַציען זיך מיט זאָרגעוודיקייט, ווי צו אַן ערשטלינג. און דאָס האָפן מיר, די לייענער, וועט געשען מיט דעם ערשטן בוך פון יעטאַ האָפמאַן.

גינאַ מעדעם

# אַ בריוו צו אַ פריינד

אונדזער טייערע חברטע האָפמאַן, וועמענס אַ ליד ווערט פון צייט צו צייט געדרוקט אין אונדזער „מאָרגן־פרייהייט", לאָזט זיך ניט טרייסטן אויפן שווערן פאַרלוסט פון איר אומפאַרגעסלעכן יאַנקעלע, דעם ליבן בחור אירן, וואָס האָט איר לעבן אָנגעהויכט מיט פרייד און מוט.

איר טיפער טרויער אָבער איז ניט בכוח צו אַנטוואָפענען זי פון מאַכן איר וויכטיקן און חשובן בייטראָג צו העלפן בויען און באַפעסטיקן דעם פּראָגרעסיוון קולטור־פאָנד און די פּראָגרעסיווע פּרעסע. דער ליכטיקער גייסט פון איר יאַנקעלע הויכט זי אָן מיט דערהויבענעם פאַרלאַנג זיך צו באַטייליקן אין אַלע אַקציעס וואָס זיינען פאַרבונדן מיט דעם אויפבוי פון אַ בעסערן און שענערן לעבן, פון קולטורעלער דערהויבונג אין אַ וועלט פון שלום, יושר און אמת.

און באַטייליקן באַטייליקט זיך חברטע יעטאַ האָפמאַן אין יעדער ממשותדיקן פאַרמעסט צו זיכערן דעם גאַנג פאָרויס פון דער ברייט־פאַר־צווייגטער פּראָגרעסיווער באַוועגונג. די חברטע יעטאַ האָפמאַן האָט גע־ענטפערט אויף דעם איצטיקן רוף פון אונדזער „מאָרגן־פרייהייט" און זי האָט אינעם ליכטיקן אָנדענק פון איר אומפאַרגעסלעכן יאַנקעלע צוגעטראָגן נאָך 25 דאָלאַר צו העלפן זיכערן דעם אומאונטערגעבראָכענעם גאַנג פון אונדזער „מאָרגן־פרייהייט".

אַ יישר־כוח אייך, טייערע חברטע יעטאַ האָפמאַן!

ל. א. „מאָרגן־פרייהייט"
י. אַ ש פּ י ז, פאַרוואַלטער

## אין לעבן און געראַנגל

חשובע, טייערע פריינדין יעטאַ!

כ׳האָב געעפנט די „מאָרגן־פרייהייט״ פון 31סטן יולי און מיין אויג איז געפאַלן אויף יאַנקעלעס בילד. איך האָב איבערגעלייענט אייער ליד, געווידמעט דעם לויטערן אָנדענק פון אייער זון. געלייענט נאָך אַ מאָל און איינגעזאַפּט דעם הויך און דעם שטילן צאַרטן אָנריר, וועלכן איר האָט אַזוי איינגעהיט און אַזוי זאָרגפעלטיק איינגעבאַלזאַמירט אין די פאַלדן פון אייער צערפּולער בענקשאַפט.

ווי גוט איז, וואָס איר האָט אויפגעלייזט אייער ליד מיטן רוף פון אַלע פרידלעכע פעלקער פאַר אַ שלומדיקער וועלט.

זיי געטרייסט, מיין ליבער פריינט, זיי געמוטיקט און געשטאַרקט!

דיינע געפילן און דיין צער ווערן געהייליקט אין דיין שיינער, נאָ־בעלער מוטערלעכקייט! דו ביסט געבענטשט צו קענען זיך באַהעפטן מיט געלייטערטע געפילן, וועלכע קוועלן אַרויס פון דיין וואַרעמען, סענ־סיטיוו פילנדן האַרצן.

מיט דרך־ארץ און פריינדשאַפט, ווי אַלע מאָל

שמואל שוואַרץ